**Yitshak.**
**Mir di gefalene: historishe folk drame in finf akten.**
**New York, 1925.**

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1885.10

**Yitshak.**
Mir di gefalene: historishe folk drame in finf akten.
New York, N.Y. : Ferlag Idishe literatur, 1925.
130 p. 23 cm.

1. Bar Kokhba, d. 135--Drama. 2. Akiba ben Joseph, ca. 50-ca. 132--Drama. 3. Yiddish drama.--lcsh
I. United States-New York-New York

ID: NXYH00-B5958 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /1285

Reduction ratio x 10.0

# מיר די געפאלענע

היסטאָרישע דראמע אין פינף אַקטען

פון

יצחק



פערלאג
אידישע ליטעראטור
ניו יאָרק, נ. י. 1925

פרייז $1.00

# מיר די געפאלענע

היסטארישע פאלק דראמע אין פינף אקטען

פון

## יצחק

ווייל דארט, וואו ליבע איז פליכט — און פליכט איז ליבע,
דארט איז די לאסט א קרוין, די קרוין א לאסט.



פערלאג אידישע ליטעראטור
346 FIFTH AVENUE
New York, N. Y.
1925

# צו מיין פאָטער
# אברהם בן שלומה, ע״ה

איך האָב די בילדער און געשטאַלטען, מיט וועלכע דו האָסט באַרייכערט מיין יונגע פאַנטאַזיע, אַרויסגעמייסעלט פון די טיפענישען פון מיין האַרץ, וואו זיי האָבען געווירקט, און איך האָב זיך באַשטרעבט די בילדער ווידער צו מאָלען ווי דו: פּרעכטיג אין זייער גרויסער איינפאַכקייט, מאַיעסטעטיש אין זייער פּשוט'קייט, פילפאַרביג אין זייער נאַטירליכען גלאַנץ. און די געשטאַלטען, וועלכע דו האָסט באַוואונדערט, האָב איך געזוכט אָפּצומאָלען אין זייער רייכען נשמה לעבען, אין זייער גרויסען בטחון צו זייער גאָט, אין זייער גרויסער ליבע צו זייער לאַנד און פאָלק, און איבער אַלעמען, אין זייער עקשנות'דיגען פאַרלאַנג נאָך פרייהייט.

און ווי די בילדער און געשטאַלטען האָבען פאָרם אָנגענומען, האָט דורך יעדעס בילד און יעדער געשטאַלט, פאַר מיר אויך דיין בילד און געשטאַלט דורכגעשוועבט, אַזוי גלייך צו זיי אין אַלעמען; און איך האָב באַשלאָסען דאָס מיין ווערק מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות זאָל ווערען היינט דיין מצבה. זאָל שטעהן אַלס אַ מצב צום גאַנצען אָרטאָדאָקסישען אידענטום, אַ טייל פון וועלכען דו ביסט געווען, און פאַר וועמענס פיינערען גייסט, מיט די ראַדיקאַלסטע אַנשויאונגען אויפ'ן לעבען, בויג איך עד היום מיט באַוואונדערונג און ליעבע, מיין קאָפּ.

# הקדמה

איבער אַט יענער פעריאָדע פון דער אידישער געשיכטע, אין וועלכער אונזער פאָלק האָט דורכגעמאַכט זיין שווערסטען קאַמף, ווען פולשטענדיג געבויגען אונטער דער מאַכט פון די רוימער, האָט עס זיך געוואָרפען און געראַנגעלט, און געמיהט זיך פון די רואינען פון א גרויסען חורבן אויפצובויען א נייע "ז י י ן„ ; ווען אַן ענטוויקעלט פאָלקס־באַוואוסטזיין האָט צום צווייטען מאָל אנטקעגען געשטאַרט מיט שרעקען א "ג ל ו ת„ אינ׳ם גאַנצען צער און פאַרצווייפלונג, וואָס דאָס ווארט האָט געטראָגען מיט זיך פאַר דער יעמאָלדיגער פסיכאָלאָגיע פון אונזער פאָלק — איבער אָט יענער צייט ליגט א גרויער נעבעל.

לייכטענדיגע אויפטועכצען גלענצען דורך אָט דעם נעבעל. גרויסע געשטאַלטען ריסעווען זיך אָפּ דורך אים ווי שאָטענס ; אָבער די געשיכטע גייט שטיל פאַרביי — ס׳איז קענטליך זי קאָן איר וועג דאָרט ניט גאַנץ גוט אויס. — אַזוי אָבער ווי זיי ערשיינען, שטייען מיר מיט הערצער הויך־קלאַפּענדיגע בעפאָר אָט יענע מענשען און עראייגניסע : —

א לאַנד ווערט צושטערט ; א טעמפעל פון א פאָלק גייט אין פלאַמען אויף, מאַמעס בראָטען זייערע אייגענע קינדער, משוגע פון הונגער ; קנאה און שנאה שטעלען פאָטער אנטקעגען זון און ברודער געגען ברודער. זיצט רוהיג א פירער פון א פאָלק און טראַכט : ווי ראַטעוועט מען די נשמה פון דעם פאָלק. ביטרע איז זיין פלאַן : אלס א מת פירען אים ארויס זיינע געטרייע תלמידים. כדי אים אלס א לעבעדיגען צו ברענגען פאַר וועספּאַזיאַנוס : — "לאָמיך די נשמה פון מיין פאָלק פאַרפלאַנצען קיין יבנה ; דעם גוף האָסטו עראָבערט.„ אזוי רעדט ער צו וועספּאַזיאַנוס, און דער רוימער איז געשמייכעלט. "עראָבערט זיך דעם גוף פונ׳ם עם קשי ערף„ — זייער נשמה — וואָס איז דאָס צו אים? — א פראַץ פונ׳ם געדאַנק פון דעם אומפאַרשטענדליכען פאָלק ; — און

אויב דער גוף איז זיינער, זאָל אים א נשמה שרעקען? — מוז דאָך די נשמה א פּלאַץ האָבען אין דעם געשקלאַפּטען גוף. האָסטו אפשר געלאַכט, שטאָלצער רוימער: "גיי קיין יבנה, אבי גיי!" — הער איך דיר זאָגען. אָה, ווי מיר, דער צד פון'ם רב יוחנן, לאַכען היינט! — "דיין פאָלק ליגט טויט און באַגראָבען; אונזערס ווערט מיט די יאָהרהונדערטער אינגער„. — רב יוחנן, דער בויער, האָט דעם עליקסיר פון'ם לעבען געפונען.

און עס דערצעהלט זיך ווייטער: די שיינע טאָכטער פון א גרויסען גביר פאַרליבט זיך אין'ם פאַסטוך פון איר פאָטער. און דער פאַסטוך ליבט איר מיט'ן גאַנצען פייער פון זיין הייסער נשמה. ליבע גיט אים מוט: "ווי קאָן איך דיר געווינען, הייס געליבטע?„ פרעגט ער. און דער ענטפער איז: "פאַרעדעל דיין נשמה; פאָר קיין יבנה„. און ער פאָרט קיין יבנה; און א ליכט ווערט ער דאָרט, עקיבא בן יוסף, דער פאַסטוך פון כלבא־שובע, א מעכטיגער פייער זייל פון גאָט; און עס ברענט און צינדט זיין פלאַם א פרייהייטס־פאַקעל אָן אין'ם גאַנצען מזרח, אַז דער קאָלאָסאַלער גולם רוים ציטערט, טרייסעלט זיך אויף זיינע פוילע פונדאַמענטען, צושטערט נאָך, אָבער פאַרגייט באַלד אין זיין צושטערונג.

און אויך טראַגישע זיינען אָט די געשיכטען פון אָט יענער צייט: אלישע בן אביוה איז איינע פון די שענסטע ערוואַרטונגען פון'ם אידישען פאָלק, עדעלמוטיג און קלוג, א למדן פון די העבערע. די גרעסטע חכמים אין יבנה הערען זיך צו צו זיין וואָרט. מען שטוינט איבער זיינע אויפפאַסונגען. מען קוואָטירט זיינע געדאַנקען. תלמידים קלייבען זיך אַרום דעם יונגען, שאַרפזיניגען רבי — ערשיינט אים איינמאָל, גייענדיג דורכ'ן פעלד, איינע פון יענע אומגערעכטיגקייטען פון דער נאַטור — זאָגען מיר מיט יענע מענשען פון גאָט, אויף וועלכע אונז, היינט, אין אונזער געשעפטיגען לעבען, פאַלט אפילו ניט איין זיך אָפּצושטעלען, אָבער וועלכע צו א גריבעלדיגען, נאָך אידעאַלען זיך יאָגענדיגען געדאַנקען־מענשען, מיט א גאָט פון גערעכטיגקייט אלס רבונו של עולם און א „כי טוב" וועלט־אויפפאַסונג, האָט געקאָנט זיין נאָר פון דער צושטערענדסטער ווירקונג.

ספקות ערהויבען זיך: גאָט איז גערעכטיגקייט. און עקזיסטירט ניט קיין גערעכטיגקייט, עקזיסטירט ניט קיין גאָט. און



עקזיסטירט א גאָט, איז אפשר דער גריך אפיקורס גערעכט, איז ער א גאָט פון פאַרגעניגען. און אויב גאָט איז פאַרגעניגען, איז דער ענד־צוועק פון'ם לעבען פאַרגעניגען. — ניט מ צ ו ה נאָר פ אַ ר ג ע נ י ג ע ן. און אין די מאָמענטען פון פולסטען גענוס, פון'ם איבערגעבען זיך אינגאַנצען צו די גלוסטען פון זיין האַרץ, ווען פאַרלאָזען מיט אבשיי פון די זייניגע, אָהן קיין צוטריט ניט צו די פרעמדע, ווי שווער האָט געבלוטיגט זיין האַרץ — יהוה האָט געדונערט אויפ'ן אָלימפּ; די פרעהליכע געטער פון גריכענלאַנד זיינען פאַרשטומט און פאַרבלייכט געוואָרען אויפ'ן הר סיני. און האָט דער טויט דעם קאַמף געלעזט? ווער ווייסט? רבי מאיר, דער עדעלער, וועלכער האָט טיף אין אים געגלויבט און טריי ביז צו ענדע ביי זיין זייט געשטאַנען, זאָגט: "אלישע איז א בעל תשובה אין גאָט געשטאָרבען„. — אָרימער אלישע, האָט באמת קיין כוס ניט געגרייכט דיר באַכוס צו דיין לעצטען הבדלה?

און ווער האָט ניט קיינע מעשיות געהערט פון א בר כוכבה? און ווער באמת ווייסט עפּעס ממשות'דיגעס פון אים, ווען די נשמה פון זיין פאָלק האָט גלייכגעשטעלט צו זיין גרעסטען העלד און א סך מאָל העכער נאָך אפשר, פון יהודה המכבי. וואו האָט בר כוכבה די כחות גענומען צו צושמעטערען די וועלטמאַכט פון רוים? און פאַר וואָס, ווען רוים איז שוין אינגאַנצען צושמעטערט געוואָרען, האָט ער די פרוכטען פון זיין זיג אזוי גרינג פאַרלוירען? — די געשיכטע פאַרפּלאָנטערט זיך. די לעגענדע זוכט ניט קיינע ערקלערונגען. זי דערציילט און דאָס איז איר גענוג.

וועט דעם נעפּעל די קונסט צורייסען וועט זי יענע צייט און יענע געשעהנישען קריסטאַליזירען, יענע געמיט־שטימונגען דערפאַסען. און איבערהויפּט וועט עס איר זיך איינגעבען דערמיט אונזער אינטערעס צו דערוועקען, אונזערע הערצער צו רירען? — די אַלע זיינען פראַגען, וועלכע איך ציטער צו פאַרענטפערען. כאָטש פאַר קיין צייט האָט אפשר ניט אזוי אמת געקלונגען די ווערטער פון'ם דיכטער ווי פאַר אונזערער:

„איצט, וואו אפילו די ווירקליכקייט איז א פּאָעזיע
וואו געוואַלטיגע נאַטורען שטייען בעפאָר אונזערע אויגען,
שטייען אין א הייסען קאַמף פאַר א באַדייטענדען ציל,
וואו איבער ענינים, גרויס אזוי ווי די מענשהייט,
אָבער פרייהייט איבער הערשאַפט ווערט געפאַכטען,

„איצט מוז די קונסט, דארט פון איר שאָטענ־סצענקע
אַרויס, פאַרזוכען איצט זיך פליהען גרעסער, העכער
אויב ניט, פאַרשעמט וועט זי דאך שטיין בעפאר דער לעבענס־ביהנע.“
שילער.

די מדרגה פון דער היסטאָרישער דראַמע אָבער, איז היינט ניט קיין זעהר געהויבענע. זאָלען מיר ארויסנעמען פון דעם פעלד א פּאָר שאַפונגען, געצירט מיט דער דעקאַדענטישער סענסואַליטעט פון א ווײלד, אָדער די זויערקרויט־נאַטוראַליסטישע פּראָדוקטען פון א שאָו און קאָ., אָדער, אין בעסטען פאַל, די שווינדזוכטיגע שאַפונגען געשמיקט מיט דעם פּאַטאַסטרישען גלאַנץ פון א סטעפאַן פיליפּס, אָדער די טענדענץ דראַמע פון דער ארט האָהענצאָלערן־ווילדענברוך, בלייבט גאָר ווייניגעס וועלכעס מאַכט א פּרעטענזיע צו הייסען היסטאָרישע דראַמע — און וועמען די שאַפונגען פון די אויבענדערמאָנטע זיינען באַקאַנט, וועט ביי יענעם אויף דער ספק גרויס זיין צי ער קאָן די שאַפונגען זייערע אָנרופען דראַמע אינ׳ם העכערען זין בכלל, און היסטאָרישע דראַמע בפרט.

ערנסטערע פאַרזוכען אויף דעם פעלד זיינען אין דער אידישער ליטעראַטור יאָ פאַראַן. אָבער א חוץ פון א פּאָר פון פינסקי׳ס שאַפונגען, וועלכע האָבען אין זיך אמת דראַמאַטישען יוערט, — קאָן איך זאָגען, איז מיר קיין ווערק אין אידיש ניט באַקאַנט, וועלכעס איך וואָלט געקאָנט באַצייכענען היסטאָרישע דראַמע, אלס אַזעלכע.

וואָלט א גרינדליכערע דראַמאַטישע ערציהונג צו טייל געוואָרען דער אידישער אינטעליגענץ, וואָלט בלי ספק א שיינע היסטאָרישע דראַמע אין אונזער ליטעראַטור געבליהט. די וואָס דיכטען אין אידיש, האָבען א שטאַרקען נאַציאָנאַלען געפיהל, הגם זיי מוטשען זיך אַנדערש צו ערשיינען. און דראַמאַטישער שטאָף וואָלט זיי ניט געפעהלט.

אונזער הערָאד, אונזער יהודית, אונזערע מכבים זיינען געוואָרען די סטאָקשטאָפּע פון די קלאַסיקער פון אלע מאָדערנע שפּראַכען. די געבורט פון דער מאָדערנער דראַמע איז געשעהן אויף דעם פעלד פון דער אידישער לעגענדע און צו דער אידישער לעגענדע האָט זי צו פאַרדאַנקען איר ענטוויקלונג. אויף דער פאַרליגענדער שטאָף (רופען מיר אים אָן, דער „בר כוכבה שטאָף„) האָט שוין אינספּירירט דיכטער, וועלכע האָבען געשריבען



ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, אין העברעאיש, איטאַליעניש, אידיש, דייטש און פראַנצויזיש.

און אין אונזערע דראַמאַטישע שטאָפען, קריסטאַליזירטע פון יאָהר טויזענדע, און אין אונזער באַשאַפענהייט אלס אַן עטהניש באַוואוסטזיניג פאָלק איז פאַראַן א גרויסע מעגליכקייט, פונ׳ם שטאַנדפּונקט פונ׳ם קינסטלערישען ווערט ניט אָפּצושעצען. אין אונזערע שטאָפען מוזען מיר זיך ניט באַהעפטען אינ׳ם פערזענליכען. ס׳איז ניט דער ליידענדער העלד, וועלכער ערעגט דאָ אונזער מיטלייד און מורא; ס׳איז די ליידענדע מאַסע, דאָס פאָלק, וועלכעס איז ניט בלויז דער הינטערגרונד, זאָנדערן דאָס בילד גופא, וועלכע סינטעזירט אין א פּאָר יחידים אירע וואונשען און שטרעבונגען. ס׳איז די מעגליכקייט צו עררייכען א דראַמאַטישען עפעקט אָהן זיך אַראָפּצולאָזען צו די געפיהלען פונ׳ם יחיד, קליינליכע און באַגרעניצטע אפילו אינ׳ם גרעסטען, און זיך צו ערהויבען צו די העכערע ספערען פונ׳ם ליידען און האָפען פון א פאָלק, פאַרשענערט און פאַרעדעלט שוין דערפאַר, ווייל ס׳איז פאָלקסגעפיהל. בקיצור, מיר באַקומען די מעגליכקייט צו שאַפען וואָס מר. ראָלאַנד רופט אָן, די העכסטע מדרגה פון פאָלקס־קונסט, פאָלקס־דראַמע — "לע טעאַטר דע פּעפּל„.

מיט די נייע מעגליכקייטען, קומען אָבער אויך נייע באַגרענצונגען, און באַשרענקונגען, וועלכע, הגם ניט קיין גענצליך נייע מער צו גוטען דראַמע, טרעטען דאָ בולט׳ער און שטאַרקער אויף: למשל, מעלאָדראַמאַטיק, , צוליב עפעקט, לכל הפּחות שוין פאַרדאַמט אין יעדען אלטען און מאָדערנעם דראַמאַטורג און פּאַרט פאַראַן ביסלאַכווייז אין א סך פון זייערע שאַפונגען (אין אונזערע ערשט ניט לאַנג פאַרשטאָרבענע ריזען , איבסען און סטרינדבערג, אפילו אין א זעהר גרויסער מאָס) איז דאָ שוין דורך דער ארט און באַשאַפענהייט פונ׳ם דראַמאַטישען שטאָף גענצליך אויסגעשלאָסען. ווייל עס ליידעט ניט די גרויסע מאַסע, ווי א סענטימענטאַלער ווערטהער, אפילו ניט ווי א שעקספּיר׳ישער האַמלעט. עס באַטאָנט עס שוין לעסינג ערגיץ וואו אין זיין האַמבורגישע דראַמאַטורגיע: „אַן אונמענליכע ליידען מיט וועלכעס מיר קאָנען שוין אין א געגעבענעם פאַל סימפּאַטיזירען ביים יחיד, ערעגט נאָר אונזער שפּאָט און ווידערווילען, ווען מאַניפעסטירט ביי דער מאַסע„. מיר עלימינירען דערפאַר, די עלעמענטאַר רחמנות ערע־

גענרדע געפיהלען אין דער נייער דראמאטישער פארם, און בריינגען אנשטאט אין שפיל די קעלטערע, אבער פארערעלענדערע געפיהלען פון באוואונדערונג, אכטונג און פאלקס־געפיהל.

אויך ווערט אונמעגליך דא די מארלאעסקא עפיק, און דאס בלוט דראמע פון דער ערשטער עליזאבעטישער פעריאדע. ווייל דאס היסטארישע דראמא דא איז ניט קיין דראמא פון פרינצען און פרינצעסינס. ס'איז דאס דראמא פון דער פאלקס מאסע, וועלכע קאן ניט, אפילו אין די זעלטענסטע פעלע, זיך פארקריכען צו דעם משוגעת פון א טאמבורליין אדער צו דער בלוטד׳רשטיגקייט פון אן ערוואַרד.

און ווען אזוי פיל אלטעס גייט צו גרונד, מוז אויך די טעכניק ווערען א נייע. מען קאן זיך ניט מער האלטען אן די עטאבלירטע כללים פון אן אריסטאטעל צו פון וועלכען דאס איז טעאָרעטיקער. די איינהייט פון צייט, ארט און האנדלונג, וועלכע די מאדערנע פאראכטען אזוי אינ'ם בוכשטאב און האלטען אזוי הייליג אינ'ם גייסט, איז דא גלאט, אויב זי איז פאראן, א צופעליגע. פון געוויכט איז דא איינציג דאס בילד, דער מאמענט. יעדער אקט פון דעם פארליגענדען ווערק, צ. ב. קאן שטיין אלס אן און פאר זיך א פולע דראמאטישע שאפונג. דא איז ניט פא־ראן קיין פעסטגעשטעלטער אנהויב, קלימאקס און ענדע, קיינע אזוי גערופענע "Scènes a faire" די טעכניק ציהט זיך דא מעהר אינ'ם פעדזשענט־ארטיגען, מיט דער שטרעבונג ניט אריינצופאלען אין דער צושוואומענקייט וועלכע פארפלאנטערט תמיד דעם פעדזשענט.

און דערפאר זאג איך, איז עס מער ווי מיט א געוויינליכער באענגסטיגונג, מיט וועלכער איך קוק אנטקעגען דעם עמפאנג פון דעם דאזיגען ווערק. ווייל ס'איז ניט גלאט צו מיר די בעאכטונג פון מיין ווערק, ס'איז די בעאכטונג פון א ריכטונג; א ריכטונג, וועלכע, איך האף, וועט ברענגען, ניט נאר עפעס נייעס צום פובליקום, זאנדערן וועט אויך העלפען אפרייניגען א סך פון דעם שונד, וועלכער האט זיך אנגעזאמעלט אין אלגעמיינעם טעאטער בכלל און אין אידישען טעאטער בפרט, און יועט ווערען א קוואל פון לעבען פאר אונזערע אויסגעווייקטע און אויסגעטרוקענטע דראמאטישע סוזשעטען.



# מיר די געפאלענע

# אינהאַלט:

## אקט 1

# בר כוכבה׳ס אַרויסטריט

צייט: ס׳איז יאָהר 132 נ. ק. האדריאַן דער אימפּעראַטאָר פון רוים, האָט ערלויבט די אידען, צום ערשטען מאָל זייט דער צושטערונג פונ׳ם טעמפּעל, ווידער אַמאָל עולה רגל צו זיין קיין ירושלים דעם חג של פּסח צו פּייערען. ס׳איז ביי צען אַ זייגער אין דער פריה, אַ טאָג פאַר ערב פּסח.

בילד: דער הר מוריה: די כותל מערבית זעהט מען אינ׳ם הינטערגרונד; די צושטערונג איז נאָך קענטליך אַ פרישע. מאַסען פון בויםמאַטעריאַלען ליגען אַנגעלייגט אין אַלע זייטען. אַן אימפּראָווי־זירטע רעדנער־טריבונע איז אויפגעשטעלט אין מיטען פון דער סצענע. דער רוימישער עגים און דער אידישער סגן דוד גלענצען אויף איר זייט ביי זייט. אויף די בענק פון דער רעדנער־טריבונע זיצען די גדולים בישראל און טענה׳ען איין. זיי קומען אַלע פון פאַרשידענע לענדער און טראַגען די קאָסטיומען פון די לענדער אין וועלכע זיי האָבען זיך זייער היים געמאַכט. גרופּען אידען פילען אָן די בצענע. זיי טראַגען אויך די קאָסטיומען פון די לענדער, פון וועלכע זיי קו־מען. די רוימישע טאָגא און דער פּערזישער טורבאַן זעהן זיך אָם מייסטען. אַ סך פון די רוימישע אידען זיינען גלאַט ראַזירט. אַלע אַנדערע טראַגען בערד. די ירושלים אידען זיינען קענטליך דורך זייערע לאַנגע ווייסע מענטעל. דאָ און דאָרט זעהט מען אַ פרוש אין טלית און תפילין. אָדער ער שטייט פאַרטיפט דאַוונענדיג, אָדער מען זעהט אים צילען מיט איין אויער שטיל, פאַרביסען צום געשפּרעך, פון די פאַרשידענע גרופּען אידען אַרום אים, וואַרטענדיג אַריין פון צייט צו צייט אַ שטעכענדיג וואָרט.

א רוימישער איד

(שפרינגט ארויס פון דעם בינטעל וואו ער איז געשטאנען)

פרוש, דו שווייג, קיין ווארט ניט מער פון רוים!
ווער ס'זאגט נאך איצט א ווארט אקעגען רוים,
איז א פארעטער צו זיין גאט און פאלק.

(די אידען פונ'ם בינטעל זוכען אים איינצושטילען.)

קולות:

ישא, שא, ווער רעדט דא אנטקעגען רוים?

אנדערע:

הערט! הערט!

רוימישער איד:

מע רעדט, זאג איך, מע רעדט!
אויפ'ן פיש־מארק, אויפ'ן בהמה מארק,
אויפ'ן האלצמארק, אויפ'ן היהנערמארק
שילט מען רוים, קללה'עט מען רוים,
חרמה'ט מען רוים; וואס פאר א שלעכטעס
האט אייך רוים געטאן?

קולות:

(ווי פריהער)

שא! שא! קיינער שילט ניט; קיינער רעדט ניט.

פרוש:

(שפרינגט ארויף אויף א טרעפ פון דער רעדנער טריבונע)

וואס שאשקעט איר דא, אידען?
גיט אפ כבוד צו רוים!
שרייט צו איר, "הידד רוים!„
שפילט איר מיט פויקען און צימבלען־
שפילט איר מיט טראמפייטען און פידלען!
בלאזט איר אין אייער שופר די תקעה גדולה!
האט זיך עס רוים ניט פארדינט ביי אונז?

רוימישער איד:

פארעטער, שווייג!

ירושלים אידען:

(נעבען פרוש, זוכען אים אפצוקיהלען)

שא! שא! וואס טויג דיר דאס?



פרוש:

(ניט באאבאכטענדיג זיי, ווי אויבען)

זיינען ניט אונזערע פעלדער געוועזן קיינע וויסטענישען
און רוים האט זיי אונז אויפגעבליהט?

קולות:

שא! שא! הערט! הערט!

פרוש:

(ווי אויבען)

צו זיינען ניט אונזערע הייזער געוועזן קיינע חרבות
און רוים האט זיי אונז אין פראכט ווידער אויפגעבויט?

קולות:

הערט! הערט!

אנדערע:

שא! שא!

פרוש:

(ווי אויבען)

צו זיינען אונזערע הערצער ניט געוועזן קיינע טרפה'נע
און רוים האט זיי אונז גע'כשר'ט?

א רוימישער איד:

שיוייג, קליין קדוש'ניק!

(דער רינג פון רוימישע אידען ארום דעם פרוש ווערט גע־דיכטער)

פרוש:

(ווי אויבען)

צו האט דער רוימער ווען פון אונזערע שטאלען אונז די רינדער אוועקגעשלעפט?

קולות:

איינמאל ניט, די רוימישע חזירים!

פרוש:

(ווי אויבען)

צו די תבואה פון אונזערע שפייכלער?

אויפגערעגטע קולות:

שלעפען זאל עס זיי שוין אזוי ביי דער נשמה!

(דער רינג פון רוימישע אידען ארום דעם פרוש איז געווארען אזוי גרויס, אז מען זעהט נאך קוים, קוים ארויס זיין קאפ. די

רוימישע אידען זוכען אים פּאוואָליע אַרויסצודריקען פון דער סצענע.)

פ ר ו ש :

(זינגענדיג מיט אַ העכערען אַנגעווייטאָגטען נגון)

צו אידען, בני אמונה,
האָט מען אונז געצוואונגען צו צאָהלען צום רוימישען נעץ
דעם שקל, וועלכער געהערט בלויז צו אונזער גאָט ?

ו ו י ל ד ע  ק ו ל ו ת :

אראָפּ מיט רוים!
צושטערט זיי, ווי זיי האָבען אונז צושטערט!

א נ ד ע ר ע :

שאַ! שאַ! דערמאָנט זיך וואו איר זיינט!

(איבער דעם טומעל הערט זיך דער קול פונ'ם פּרוש: אים זעהט מען נים מער.)

פ ר ו ש :

שרייט, הידד, צו רוים, אידען!
אונזער בית המקדש איז געווען אַ חורבה
און רוים האָט עס אונז ווידער אין פּראַכט אויפגעבויט!....

(פון אומעטום הערט זיך די צוהיצטע קולות פונ'ם פאָלק: — "שטיינערט זיי!„ "שטיינערט זיי!„ "די רוימישע פּאַטריאָטען! "אראָפּ מיט רוים!„)

(דער טומעל איז געוואָרען אַן אַלגעמיינער. איבער'ן טומעל הערט זיך נאָך דער זאָדיזשעטער נגון פונ'ם פּרוש.)

צו האָבען ווען אַמאָל די רוימישע סאָלדאַטען אונזער בתולות פֿאַרשוואכט?

(אַן אַלטער איד שפּרינגט אויף דער טרעפּ, וואו דער פּרוש איז געשטאַנען.)

א ל ט ע ר  א י ד :

אה, אידען,
האָט איר נאָך דעם מינדעסטען טראָפּען כוח אין זיך,
שטיינערט די רוימער!
פֿאַרשנייט זיי פון אונזער מיט!
זאָל זייער נאָמען ניט ווערען דערמאָנט צווישען אונז!

(ענות דער אַלעקסאַנדריער איז אָנגעקומען ביים גרויסען טומעל; ער שטייט אַ ווייל ווי פֿאַרצווייפֿעלט, ער פֿאַרשווינדט און ערשיינט תיכף אויף דער רעדנער־טריבונע: ער קלאַפּט מיט'ן האַמער אין טיש.)



ע נ ו ת :

שאַ! שטיל וויל איך! שווייגען!

ק ו ל ו ת :

הערט, הערט, ענות דער אַלעקסאַנדריער רעדט.

(דער טומעל ווערט געדעמפטער.)

ע נ ו ת :

(ווי אויבען)

ס'אַרא בייזער רוח איז אין אייערע הערצער אריין?

ק ו ל ו ת :

שאַ, שאַ, הערט!

ע נ ו ת :

(ווי אויבען)

קאָנט איר זיך ניט געפינען אין איינעם און האַנדלען ווי מענשען?

ק ו ל ו ת :

(ווי אויבען)

שאַ, שאַ!

ע נ ו ת :

(ווי אויבען)

הייסט איר אידען, און מוזט דוקא ווערען אַ שפּאָט־וואָרט צווישען די גוים?

ק ו ל ו ת :

הערט, הערט!

ע נ ו ת :

(ווי אויבען)

וואָס בונטעוועט איר זיך דאָ אַנטקעגען רוים?
יאָלען די אויפרייצער אייערע ארויסקומען מיט ווערטער!
דאָ שטיי איך און פרעג זיי — ניט גענאַרט —

(באַוועגונגען אין דער מאַסע וואָס ווערט צוריקגעהאַלטען).

ק ו ל ו ת :

שאַ! שאַ! — שטיל! הערט זיך צו!

ע נ ו ת :

(ווי אויבען)

האָבען מיר אידען, ווען אַמאָל געפיהרט אונזער מלוכה
ווי דער שטייגער איז ביי אַנדערע פעלקער?

ק ו ל ו ת :

ששט! הערט!

ע נ ו ת :

(ווי אויבען)

זיינען ניט טאָג איין טאָג אויס
געווען רייסערייען אויף רייסערייען,
מחלוקות אויף מחלוקות?
חסידים אנטקעגען צדוקים,
צדוקים אנטקעגען פרושים,
פרושים אנטקעגען אסאנים,
אסאנים אנטקעגען נוזרים? —
זיינען ניט אונזערע נאסען געלעגען קיינע פארלאָזענע,
א נעסט פון רויבער און מערדער?
האָט ניט אונזער תבואה געפוילט אין אונזערע שפייכלער,
און אונזער רינדפיעה אָהן קיין שום ווערט אויף די פאשעם?
איז דאָס ניט קיין אמת?

ק ו ל ו ת :

אמת! אמת!

ע נ ו ת :

(מיט אַ געביטענעם התלהבת'דיגען נגון.)

און האָט איר דאָס באמערקט,
איר, וועלכע קומט פון דן,
און איר, וועלכע איר זיינט ארויסגעגאנגען פון באר־שבע,
זיינען ניט אייערע וועגען מחיה'דיג גלאַט היינט צו פאָהרען?
רוים האָט אייך אייערע וועגען געבויט,
און זיכערער האָט זי זיי אויך געמאַכט ווי אייער אייגענע הייז.
רוים האָט אייך אייערע טייכען און פלוסען מיט בריקען געבונדען,
און איר שפאַנט אריבער אייערע טיפע וואסערען מיט טרוקענע פיס.
רוים האָט אייך מיט איר נאָמען אָנגערופען — „קיוועס ראָמאנוּס"
רוימישער בירגער — און אונטער דעם שוץ פון דעם נאָמען,
שפרייטען זיך אייערע סוחרים אויס אין אַלע טיילען פון דער ערד,
זעגלען אייערע שיפען אין אלע עקען ים.
וואו, פרעג איך אייך.
וואו זיינען אייערע אויפרייצער?
אייערע פאַלשע משיחים און נביאים,



וואָס האָבען אויף אייערע קעפּ אַזוי פיל גזרות און אומגליקען
אראָפּגעבראַכט?

זיי וועל איך דאָס פרעגען:
האָבען זייערע פוסטע, פארפיהרערישע, ליגנערשע ווערטער און
העויות?

די ברעטער, די באַלקען, די שטיינער אראָפּגעבראַכט,
צו די, וועמען זיי רופען היינט די רוימישע טיראַנען?

(ער הויבט אויף אַ שטיין און שטעלט אים אויפ'ן טיש.)

זיי וועל איך עס פרעגען: —
ווען דער פונדאמענטשטיין פונ'ם בית שלישי,
געליינט ווערען דורך זייער כוח,
צו דורך דער געגאַדע פון רוים?

(עס איז געוואָרען שטיל ענות גייט אַוועק פונ'ם רעדנער־טיש און זעצט זיך אַוועק ביי די איבעריגע גדולים. אַ פויזע. אַ פאָר רוי־מישע אידען פאַרזוכען אַ ניט געלונגענע אַפּלויז, שרייענדיג: "הידד רוים!„ דער אָפּקלאַנג אין דער מאַסע איז שוואַך. עס קומט איצט צו וואָס מער מענער, פרויען און קינדער. די פרויען האַלטען זיך אין אַ באַזונדערער גרופּע. דאָ און דאָרט זעט מען אַ רוימיש־אידישע פרוי שטייענדיג ביי אַ בינטעל פון מענער. קומען אָן יעקב פון דמשק פירענדיג נפתלי פון רוים ביי דער האַנד.)

י ע ק ב פ ו ן ד מ ש ק :

באמת, זאָג איך דיר,
איז עס א נס מין השמים דיך דאָ צו טרעפען.
געעלטערט, גרוי שוין, און דאָך זאָל דיר
מיין שוואכע אויג דערקענען — און דאָס
ביי'ם ערשטען מאָרגען פון מיין קומען אהער.
ערוואַרט האָב איך'ס שוין יאָ. — לעבסטו נאָך,
און קענען דיך די אַלטע ביינער נאָך
דעם וועג פון רוים קיין ירושלים פיהרען,
דיך טרעף איך נאָך א דאָ. — צו אזאַ צייט
פעלט דאָך קיין גוטער איד ניט פון ירושלים.
און איינער פון די שלעכטע ביזטו דאָך ניט.
— נו, זעץ דיך דאָ אַוועק, רבי נפתלי,
און טו דערציילען, ווי עס קאָכט זיך היינט אין רוים,
דעם מעריב בבל. — דאָך, קודם כל, וואָלט איך געגאַרט צו וויסען

פון איר, וואס איז נפטר דיר געווארען,
דיין טייערע אשה, מיין אמת'ע דברה.
נפתלי פון רוים:
געשטארבען איז זי ווי זי האט געלעבט.
מיט קלארען שכל, און ערמוטיגענד אין דעם לעבען.
מיט קלארען שכל און ערמוטיגענד אינ'ם טויט.
ס'איז געוועזן שבת; איך זעה זי ווי היינט נאך;
אינ'ם טאג פון דער נאכט אין וועלכער זי איז מיר געשטארבען.
עס האבען זיך שוין די לעצטע שטראלען פונ'ם טאג
צעגאסען איבער די דעכער פון דער אומעדיגער טראוואסטערא.
אינ'ם בית המדרש האט מיט גרוים רעטהאריק
אלעקסאנדער, דער קאפ פון דער רוימישער כנסת
באקאנט געמאכט צו מסף, דאס רבי עקיבא,
דאמעלט דער נאסט פון רוים, האט דעם אימפעראטאר אדריאן
אויפ'ן ריכטיגען וועג געבראכט — און אדריאן,
איצט א רוימישער כרוש, א משיח
האט אויסגעדריקט צו רבי עקיבא זיין גרויסען שמערץ
איבער די הריגות פון אידען אין כפרות, און קירענע,
אין אלעקסאנדריען. — פארזיכערט האט ער,
געטאן איז דאס געוועזן אנטקעגען דעם ווילען פון רוים.
א פולע ענדערונג פון דער דאזיגער לאגע
האט ער פארשפראכען: — די פארפאלגונגען און ליידען,
וועלכע די אידען זיינען דורכגעגאנגען אונטער טרייאן,
(ימח שמו וזכרו) וועלען אויפהערען.
עבענבירטיג צום רוימער וועט ער דעם איד שטעלען.
ער וועט אים צום רוימישען בירגער דערהויבען,
אים פריי מאכען זיינע געברויכע אויסצואיבען,
זיין נאט צו דינען — און אלץ דאס,
געבראכט האט דאס א פרייד אין אידישע הערצער —
מען האט געפיהלט צו לאכען און צו טאנצען:
די טראוואסטערא, געזשומעט ווי א בינשטאק,
איז פון מענשען — ביז ווייט ארוים צו דיר ווי א אפפיא
געצווינגען האבען זיך די יום טוב'דיגע מאסען
און איז געווארען דערצו די שמחה גרעסער;
ווייל דורכ'ן טאג האט זיך דער קלאנג געטראגען,



דאס רבי עקיבא איז צוגעקומען די פארזיכערונג,
אז אדריאן, ער, וועלכער האט צוריקגעבויט די טעמפעלס
אין פאלמירא, אלעקסאנדריען, אין טהעבען,
אין אנטיאך, און וואו נאר עס האט דער רוימישער סאלדאט
חורבות אנגעמאכט, האט אויך פארשפראכען
דאס בית המקדש אונז ווידער אויפצובויען.
ווער וואלט דערקענט די אומעטיגע,
וויינענדיגע טראוואסטערא? ווי שכור'ע באכאנטען,
פייערענדיג א יום טוב פון זייער געץ דיאניזאס,
האבען זיי אויסגעקוקט דעמאלט, בני ישראל.
איך בין געוועזן אינ'ם הויז: איך האב ניט מיטגעטאנצט
אויף יענעם יום טוב: — איך האב מיין קראנקע פרוי
צו א פענסטער צוגעבראכט, די שמחה
אנצוקוקען. אליין אינ'ם הארצען
איז מיר געוועזן ביטער. — כ'האב פיינט
און טרוי ניט רוים, און ציטער ערשט ווען זי
ווערט א בעל טובה; אויך האט א ביטערער צוג
ארום רבי עקיבא'ס ליפ מיר ניט גאנץ שטארק געפעלען
ווען אלעקסאנדער האט רוים'ס מעלות אויסגערעכענט.
— און זי, מיין דברה, וואס פלעגט לעזען אין מיין הארץ
ווי אין איין אפענעם ספר, האט אזוי גערעדט צו מיר:
"איז עס מעגליך, מאן, דאס די שמחה פון אונזער פאלק
"ברייננגט טרויער נאר אין דיין הארץ? צו איז דאס דערפאר,
"ווייל ס'איז שווער דיר צו פארגעסען דאס מעשה'לע
"פון יענעם קלוגען רבי'ן פון זון און ווינד
"וואס האבעןביידע זיך פארוועט איין ארימאן
"דעם מאנטעל אוועקצורויבען? — דיר דאכט זיך אויס,
"נאך דעם, וואס (ימח שמו וזכרו) טריאן
"געהוליעט האט נאר ווי א בייזער ווינט,
"געריסען און געטריבען, געווארפען און זאטשמעלעט
"און אלץ אומזיסט, זוכט אדריאן איצט
"צו פועל'ען מיט דעם מיטעל פון דער זון,
"אראפצורייסען דעם מאנטעל פון אונזער פאלקטום
"מיט ווארימדיגע, שמייכלענדיגע שטראלען, און דאן,
"אראפגעריסען אונזער שטארקסטען שוץ, אליין אונז גרינגער,

"ניכער צו פארניכטען„. — "באמת„, זאג איך,
"און זאל איך זיך ניט שרעקען? — און זי,
זי שטייט נאך איצט, ווי יעמאלט מיר פאר די אויגען:
"כ'האב מורא, מיין מאן, דיר וואקסט דיין גלויבען שוואך.
"איז דען דיין אידענטום דיר גלאט א מאנטעל,
"וואס האסט איינציג אויף דיר געשלעפט אין צייט פון נויט,
"און מוז באשיצען דיך נאר אין צייט פון קעלט?
"איז עס קיין לעבנסקראפט ניט, וואס שפריצט מיט ווארימקייט
"אין צייט פון נויט, און שטארקט די ווארצלען פון דעם געריסע־
נעם בוים
"פון אונזער פאלקטום ווי באלד ס'לאכט די זון
"א לאז די ווארעמקייט קומען.
"און איז עס די ווארימקייט פון א שטיפמאמע
"ס'איז ווארימקייט! דער בוים וועט זיך צובליהען,
"וועט פרוכטען טראגען — עס וועט, דאן זיין שטיפמאמע
"אפילו אנטייהען". — און שוואכער ווערענדיג דאן: —
— "יוסף ווערט שני למלך אין מצרים —
"ער טראגט די קרוין פון דעם לאנד.
"דאך שטארבענדיג בעט ער זיינע ברידער,
"די ברידער, וועלכע האבען אים פארקויפט:
"איך שטארב; ברייינגט מיינע ביינער אין דעם לאנד פון אונזערע
אבות;
"לאזט מיך געפינען א בעגרעבנים פלאץ צווישען אייך. —
"נחמיה איז שר המשקים ביי דעם גרויסן כורש.
"דאך טרויעריג שטייט ער ווען אלץ ארום אים איז פרייליך.
"וואס ביזטו טרויעריג? — פרעגט זיין מלך אים.
"און קאן איך פרייליך זיין, מיין לאנד איז וויסט,
"מיין טעמפעל ליגט א חורבה צו דער ערד!
"ניין, מאן, דאס אידענטום וואס דרינגט דא אזוי טיף
"איז ניט קיין פראדוקט, בלויז פון שטופ און שטויס;
"ס'איז דער אדלער פלוג פון א פרייע פאלק
"און וואס ליכטיגער, וואס ווארימער די לופט,
"אלץ פרייער, העכער, שעהנער ווערט דער שוואונג
"פון דער קעניגליכער בריה„.
וויינינע שטונדען שפעטער



איז זי מיר געשטארבען
(מענשען קומען יעצט אלץ גערדיכטער. א רוימישער איד שטעלט
זיך אוועק נעבען דמשק איד און נפתלי פון רוים.)

יעקב פון דמשק:

(נאך א פויזע, צום רוימישען אידען.)
איך בעט אייך, רב קרוב, איז שוין דער רבי מחיב באלד אנצוקומען?

רוימישער איד:

דעם רבי'ן ערווארטעט ניט אזוי גיך:
די טויערען פון דער שטאט זיי זיינען פול;
דאס דמשק טויער, דאס בית־אל טויער,
דאס וואסער טויער, דאס יפו טויער,
קיין שטרוי קאן ניט א דורך — אפילו ביים מיסט טויער
שטופט מען זיך צום דערשטיקען, און הייסען,
הייסט עס דער רבי איז נאך ווייט.
(דרייט זיך אום און באמערקט נפתלי פון רוים.)
און ביי מיין בארד, דאס איז נפתלי פון רוים!
שלום עליכם, אייך, רבי נפתלי! אין ירושלים
ניט אנדערש ווי אין רוים. אין רוים
איז רבי נפתלי'ס היים די טראוואסטערא;
אין ירושלים שטייט ער פארשטופט ווי וואו אין א ווינקעל
(צו יעקב פון דמשק.)
און דאך ווייס יעדער איד דאס קיין מטבע געלט
גייט ניט א דורך קיין רוים, וואס ווערט פריהער ניט
געמאסטען און געוואוינען פון רבי נפתלי — איך זאג דיר,
רבי נפתלי, אויף יענער טריבונע איז נאך פלאץ פאר דיר,
און זיצט קיין גדול דארט נאך אזוי גרויס,
וואס דיינער א קלינג קאן ניט מאכען און צומאכען. — קום.
(וויל אים מיט זיך שלעפען)

נפתלי פון רוים:

(מאכט זיך פריי.)
אפילו א גוזמה וואס דו זאגסט,
דאך פיהל איך גוט זיך דא אינ'ם טומעל פון מענשען.

רוימישער איד:

וואס רעדט זיך עס עפעס א דא פון טומעל פון מענשען?
שפאציר מיט מיר אראפ ירושלים'ס שטראסען,

ווי הויפען מוראשקעס ווימלען דארט די מאסען,
קיין עק ניט דא, קיין ווינקעל אין דער שטאט,
וואו כוואליעס מענשען האלטען ניט אין איין פליסען.
מען גריסט, דערקענסט זיך, קושט זיך און מען וויינט.
מען פרייט זיך, שרייט, מען הוליעט, שפילט און טאנצט.
אזא מין עולם, האב איך נאך ניט געזעהן.
דו ביסט געוועז אין רוים ביי אדריאנ'ס קרוינונג.
דאס גרויסע רוים, ס'האט געקאכט מיט מענשען:
דער שווארצער עטהיאפ, דער פרעהליכער גאלל,
דער שווערער קימברער און דער ערנסטער בריט,
דער געלהאריגער טויטאן, דער רייכער שכור'ער פערז,
דער ווילדער סקיטה און דער געפוצטער נריך,
פילפעלטיגער און טראכט, און מער אין צאל,
זיינען היינט די מחנות וואס זיינען אהער געקומען
זעט דארט איז איינער וואס קומט פון גאלדענעם אפיר.
און יענער דארט קומט פון שושן אין פערזיען.
און יענער זאגט זיין טראכט קומט ווייט פון גאליען.
יער דא קומט פון בריטאניען; יענער דארט
האט אונז לעצטע נאכט מעשיות דערציילט פונ'ם רהיין.
און רוימער, באבעלאניער, פאלמירער,
דמשק'ער, אטהענער, אלעקסאנדריער,
זיי זיינען דא אהן צאל.
די אלטע שטאט איז פול זיי ווי צום דערשטיקען.
אפילו איז ביציטא ליגען זיי ווי די היישעריקען.
ווי ווייט דאס אויג נאר גרייכט ביז אראפ צום ים,
ערשטרעקען זיך די געצעלטען פון די פון גליל.
און וואו מען גייט פלאטערען נאך ווייסע פאהנען
וואס ווינקען און רופען; קומט און קומט נאך מער!
און דאכט זיך אויס, וואלט דער שטורמווינט פון גאט
אין אלע עקען וועלט היינט אויסגעגאנגען,
צונויפגעשטורימט די גרויסע מחנות אידען
פון צפון, דרום, מזרח און פון מערב,
די ווייסע פאהנען וואלטען אלץ געוואונקען,
געפלאטערט: קומט ס'איז פלאץ פאר מער און מער —
ניט צו פילע זיינט איר היינט פאר ירושלים.



ד מ ש ק  א י ד :

און זאג איך דיר, דאס איז קיין פראסטע פרייד:
נאך לאנגע צרות'דיגע, לאנגע יארען ווידער,
א פאלק זיך טרעפען אויף דער אלטער היים,
ניט מער קיין פרעמדער צווישען פרעמדע זיין,
פארקארטשעט דורך די גאסען אליין צו גיין,
דעם קאפ געבויגן און דאס הארץ פארשטאקט דיר.
ניט אויסגעוויכען ווי א הונד, באשפיגען,
קיין קללות ניט, קיין חרמות ניט צו הערען,
דעם קאפ געהויבען און דאס הארץ א פרייע,
דאס איז מיין טאכטער, און דאס איז מיין זוהן
און די זיינען מיינע אייניקלאך און קינדער,
און שוועסטער. ברידער זיינען מיר דאך אלע.
זיי לאכען צו מיר פרייליכע און ווינקען,
און איך, איך לאף צו זיי און פיל זיך ניי געבוירען..
איך זאג דיר, הייליגע זיינען מיר אלע
צדיקים, גרויסע בעלי חסדי, דאס זוכה געווען צו זיין.
(פויזע.)
איך וויים ניט ווי ביי אייך אין רוים,
נאר ביי אונז אין דמשק — שבת איז עס געווען,
שבת, ראש חודש שבט — מען האט נאר וואס
געענדיגט אין דער שוהל מיט דער קריעת תורה,
האט זיך דערהויבען גלייך אויפ'ן באלעמער
א הויכער איד, מיט שווארצע פינקעלדיגע אויגען.
א פרעמדער איז ער אין דער שטאט געווען.
"רבותי„ האט ער צו אונז גערעדט.
אונז האט דאס הארץ, איך וויים ניט ווי אזוי,
שוין ביי דעם ערשטעןווארט מיט האפנונגפולער פרייד געציטערט.
"רבותי„ — און אים אליין קומט טרערען אין די אויגען,
"מיך שיקט דער סנהדרין דורך רבי עקיבא„ —
ער שטאקט, דאס ריידען קומט אים שווער אן. —
"מבשר אייך צו זיין, דאס נאך דעם אלטען מנהג
"פון אונזערע אבות, מעגען מיר ווידער
"אין אונזער עיר הקדושה, דעם חג של פסח
"מיט פרוי און קינדער פייערען„. — וויינינע ווערטער

און פשוט'ע געזאגטע, דאך, שא און שטיל איז געווארען אין
א יעדען ווינקעל,
נאר אין אונזערע הערצער האט פרייליך זיך'ס געזונגען:
אין א סך גרויע בערד האבען טרערען זיך געקייקעלט —
עה! מיט וואס פאר א פרייד געשטראהלט האט א יעדעס פנים!
ווי פעדערלייכט ס'האט זיך דער פוס געהויבען,
און גרינער האט דאס גראז געבליהט,
דער הימעל בלויער,
און ליכטיגער איז אין יעדען ווינקעל שטוב.
ווי קליינע קינדער האבען מיר געלאכט, געזונגען.
געטראכט האבען זיך די גוים מיר זיינען משוגע געווארען.
מיט קינד און קייט האבען מיר זיך געגרייט צו קומען,
באפאקט די אייזלען און קעמלען מיט פרויען און קינדער.
קיין איד האט אויף דער שמחה ניט פארפעלט.
נאר דער אלטער חנניה, (צו נפתלי) דו קאנסט דאך שמיה'ס פא־
טער?

— צו אלט צו גיין און צו אלט צו רייטען —
ער האט געוויינט, דאס הארץ האט אפגעריסען:
"עס וועלען אייערע פיס שטיין אין ירושלים,
"און איך, איך וועל דא פוילען ווי א זינדיגער.„
אבער שמיה: — "ניין, טאטע, דו ביזט צו אלט צו גיין,
און צו אלט צו רייטען,
א סך די יארען דיינע און אנגעווייטאגטע.
אלט איז דיין גוף און שוואך זיינען דיינע ביינער.
דיך טראגט קיין אייזעל ניט מער, דיך טראגט ניט קיין קעמעל,
דאך שטארקע פלייצעס האסטו דיין זון געגעבען,
אויף מיינע פלייצעס רייטסטו היינט ווי אויף פאך
און גאט'ס ישועה זעסטו היינט מיט אונז אלעמען.„
אונזערע הערצער זיינען געווען פול מיט לאכען,
אונזערע ליפען — מיט זינגען,
ווען מיר האבען באטראטען דעם וועג,
דעם וועג קיין ירושלים.
אונזערע פיס זיינען געווען ווי באפליגעלטע,
די וויסטע איז געווען א ליבליכער גארטען,
די וועג איז אנטקעגען געקומען צו אונזערע טריט,



די קעמלען האבען זייערע קעפ מיט שמחה און שטאלץ געהויבען,
טאנצענדיג איז זייער שריט געווען,
דען די נע ונד און פארטריבענע זין האבען זיך אומגעקערט צו
זייער מאמע.
א וואלקענזייל האט זיך געליינט איבער'ן ברענענדיגען הימעל
ביי־טאג.

ווי א פייערזייל האט געלאכט אונז די לבנה ביי־נאכט,
ווען מיר האבען זיך דערנעהנטערט צו די בערג פון אונזער אלטער
היים.

כאור הבקר, האט זיך דער נעפעל געהויבען פון די טאלען
און די זון האט זיך דערהויבען ווי א רויטע ברענענדיגע ראד
זיינען מיר געשטאנען אויפ'ן קאם פונ'ם הר הזתים.
ווי עס דערווארט דער חתן די כלה,
ווי די נאכט דעם טאג,
ווי די פארברענטע, פארשמאכטענדיגע ערד
גארט נאך די פרישע, באלעבענדע קוואלען פונ'ם הימעל,
אזוי האבען געגארט אונזערע אויגען צו קוקען
אויף איר, וואס איז געווען דער פלאץ פון אונזער שטאלץ.
צווישען די בערג האבען מיר זי געזעהען,
זי וואס איז געוועזען גרוים צווישען די אומות.
מרויעריג איז זי געלעגען, ווי אן אלמנה אין איר גרויסער פאר־
לאזענקייט.

דער יואש האט ארומגעכאפט אונזערע הערצער,
אונזערע קליידער האבען מיר זיך פון אונזערע לייבער געריסען,
געיאמערט האבען מיר מיט די ווערטער פונ'ם נביא:
"ירושלים איז א וויסטעניש,
"דאס בית־המקדש איז א חורבה„.
און צו אונזערע געדאנקען זיינען געקומען די ווערטער פון די רבים:
"די וועלט איז ווי איין אויג;
"איר ווייסעל איז ארץ ישראל;
"איר עפעלע ירושלים;
"איר פינטעלע, דאס בית המקדש„.
דאס פינטעלע איז אויסגעשטאכען,
דאס עפעלע צושלאגען,
דאס ווייסעל איז פארבלוטיגט און צייטיג צום פארפוילען.

בלינדע וואנדערען מיר אין דער וועלט ארום, בלינדע.
און אונזערע קולות האבען זיך אויפגעהויבען מיט געוויין,
און אונזער יאמער איבער דעם חורבן איז געווען גרוים.
אפילו די קעמלען האבען זייערע קעפ טרויעריגע צו דער ברוסט געבויגען.

האט אונז דערשראקען א לאך.
דער אלטער חנניה האט עס געלאכט אראפ פון די פלייצעס פון זיין זון:

„נאריש, קליינגלויביג פאלק,“ לאכט ער —
„ניט אפ כבוד צו גאט.
„דאנקט אים, וואס אייערע אויגען זיינען עס זוכה געווען די פולע צושטערונג צו זעהען.
„זיכער וועט איר איצט שוין זעהען די ניכע אויפבויאונג פון זיין פאלק,

„ווייל עס שטייט דאך געשריבען:
„איך וועל אייער שטאט צושטערען מיט א גענצליכער צושטערונג,
דאן וועל איך בויען אין ניכען מיין שטאט צוריק,
אין גרעסערער פראכט און שיינקייט,
און זאמלען פון אלע וועלטען־עקען מיינע פארטריבענע קינדער“.
מיט ניט ווינציגער טרויער אין אונזערע הערצער,
אבער מיט א סך מער בטחון און ענטשלאסענהייט
האבען זיך אונזערע טרים געניטערט צום טאל פון יושפת.
און העלפען זאל אונז שוין השם יתברך
די ישועה זאל שוין קומען צו אונז אין ניכען,
במהרה, בימינו.

רוימישער איד:

איי, דענק איך, רב דמשק׳ער,
אונזערע אזוי גערופענע רוימישע קארעליניאניסטען וויינען אפשר גע־רעכט:
דער הימל, הייסט עס, איז באמת אונזער גאט׳ס,
אויף דער ערד איז אבער זייער אדריאן דער מלך מלכי המלכים.

יעקב פון דמשק:

(געמענדיג נפתלי ביי דער האנד און ווענדענדיג זיך אפ פונ׳ם רוימישען אידען.)

איך האב מורא, רב קרוב, אז מיט דער רוימישען טאנא



האט איר זיך אנגעטאן אויף א רוימיש הארץ.

(א מאסע פאלק שטופט זיך אן מיט א מאל. דער רוימישער איד פארלירט זיך אין געדרענג. א גרופע גליל מענער, פרויען און קינ־דער קומען אין גוט געארדענטע רייהען. זיי זיינען שטארק געבויטע מענשען. די מענער טראגען וואפען.)

יעקב פון דמשק (צו א פרוש נעבענביי)

שלום עליכם, ברודער!
וואס פאר א לאנדסלייט זיינען יענע דארט,
א שטארקע פאלק מיט גופים ווי פון אייזען.

פרוש:

איר קענט זיי ניט? דאס זיינען די פון גליל,
א שטארקע פאלק דאך ניט אלס דורשי תורה.
איר ווייסט דאך ווי מען זאגט:
„פון גליל איז נאך קיין נביא ניט געקומען.“

יעקב פון דמשק (ביטער.)

דאך ווי ווייט איך וויים א סך גוטע אמת׳ע אידען,
וואס האבען פאר קיינעם ניט געהאט א ווארט א שלעכטעס,
אפילו ווען מען האט גערעדט פון א פרוש.

(ווענדעט זיך אפ פון פרוש נאך אלץ מיט נפתלי פון רוים ביי דער האנט, און פארלירט זיך צווישען דעם עולם. דאס געדרענג איז געווארען גרעסער. מען הערט קולות רופען: „פלאץ! פלאץ פאר טי־ניוס רופוס.“ קולות שרייען אינ׳ם הינטערגרונד: „הורראה פאר טיניוס רופוס!“ טיניוס רופוס ערשיינט באגלייט פון צוויי קענטור־יאנען, וועלכע טיילען די מאסע פאר זיין דורכגאנג. דאס רוימישע ביכטעל אידען, אונטערגעהאלטען דא און דארט פון א פאר ניט רוי־מישע אידען שרייען: „הורראה פאר טיניוס רופוס!“ הורראה רוים׳ס שטעלפארטרעטער און אונזער אדריאנוס!“ ענות דער אלעק־סאנדריער איז אראפגעשטיגען פון דער טריבונע און איז צוגעגאנגען עמפאנגען טיניוס רופוס.)

ענות דער אלעקסאנדריער:

טיניוס רופוס, רוימישער סענאטאר, קאנסול
און שטעלפארטרעטער רוים׳ס און אדריאנ׳ס:
מיך שמערצט דאס טיף אז אין דעם אויגענבליק,
וואו אונזערע הערצער דורך דער גנאדע פון רוים
זיינען ערלויבט צו שלאגען אזוי פרעהליך,

און די נשמה פונ׳ם גאַנצען פאָלק גייט אויס
מיט ליעב און דאַנק צו אַלץ, וואָס רעדט פון רוים,
מיך שמערצט דאָס טיף זאָג איך דאָס איצט
פעלט נאָך דער מאַן, א יענער, וועלכער וואָלט געקאָנט
פונ׳ם הערצען פונ׳ם פאָלק אָם בעסטען ריידען היינט,
און דיר דערציילען, ווי טיף די דאַנקבארקייט,
ווי גרויס די ערקענטליכקייט, וואָס רירט אין יעדער
אידישער זעהל אין אַלע עקען וועלט
א ברכה היינט צו רוים — אונז פעהלט דאָ רבי עקיבא —
נאָר בעדאַרף מען דאָ א וואָרט דיר עס אויסצודריקען ?
קוק דו אַליין, און זעה ! — דאָ שטייט א פאָלק
צונויפגעקליבען זיך פון יעדען עק פון דעם גרויסען רוימישען רייך
און פון ווייטער אפשר נאָך, שטייט עס אַ דאָ,
מיט הערצער קלאַפענדיגע פון דאַנקבאַרקייט,
מיט הייסע ברכות פאַר האָפנונגען הייליגע דערוועקטע היינט,
און בוקט זיך דאָ מיט בטחון צו דער רוימישער ענים
וועלכע דו פאַרטרעטסט היינט, און הויבט מיט ליעב־געזאַנג
זיין האַרץ צו אַדריאַן, דעם שעהנעם
גאָלדגעלאָקטען, רוימישען משיח
דעם גרויסען כורש פון דער נייער גאולה
און שרייט מיט אַלע זיינע כוחות היינט :
הלל צו רוים !
(קולות אינ׳ם פאָלק : הלל !)
ע נ ו ת :  (ווי אויבען) הלל צו אדריאַן !
(קולות אינ׳ם פאָלק : הלל !)
ע נ ו ת :  (ווי אויבען) הלל צו טיניוס רופוס !
(קולות אינ׳ם פאָלק : הלל !)
ט י נ י ו ס  ר ו פ ו ס  (צום פאָלק)
אייך אַלע דאַנק איך, און פאַר זיך אין רוים
שיקט אדריאַן אין דעם (ווייזט אַ פּערגאַמענט ראָלע) א דאַנק וואָס
ווירקט א סך בעסער.
(צו ענות) איך האָב געטראַכט אייער גאָטעסדינסט איז שוין זייט
לאַנג בעגונען.
(קוקט אויף דער מאַסע) און מענשען פעלט אויך ניט, כאָטש אין
דער שטאָט



איז דאָס געדרענג נאָך גרעסער. (קוקט אויף די פון גליל)
און אויך אין וואָפען זיינען זיי געקומען !?
ע נ ו ת (כאַפּענדיג דעם בליק)
עס זיינען די פון גליל ; פון יונגווייז אויף געוואוינט
מיט פייל און בויגען דורך זייערע אונזיכערע בערג צו גיין.
ניטאָ פאַר וואָס זיך צו שרעקען.
ט י נ י ו ס  ר ו פ ו ס :
רוים שרעקט זיך ניט. הויבט אָן דער גאָטעסדינסט ?
ע נ ו ת :
איך וועל דעם טאָג אויפעפענען — גיי פאָראויס.
(טיניוס רופוס און ענות הינטער אים גייען דורך דער מאַסע,
וועלכע מאַכט רעספּעקט — פול פּלאַץ אויף דער טריבונע אַרויף.)
ע נ ו ת (פון דער טריבונע אַראָפּ)
אידען, בירגער פון רוים און מיטגליעביגע אין ישראל׳ס איינעם
גרויסען גאָט !
ק ו ל ו ת :  הערט ! הערט !
ע נ ו ת (ווי אויבען)
צום צווייטען מאָל מוז איך באַדויערען היינט,
דאָס א פאַרשפּעטיגונג, גרינג אפשר צו ערקלערען,
ביז איצט האָט אונז באַרויבט פון דער געגענוואַרט
פון אונזער גרויסען און ווירדיגען רבי עקיבא,
אויף וועמען יעדעם אידישע אויג קוקט היינט
ווי ס׳קוקט דער שיפער אויפ׳ן הימעלס שטערען
זיין וועג צו טרעפען און זיין הערץ צו קוויקען.
מחיב איז ער צו קומען א יעדע רגע.
נאָר טיניוס רופוס האָט אונז פון רוים געבראַכט
א וויכטיגע מתנה פון אונזער גאָלד געלאָקטען
משיח, אדריאַן. און איך ווייס, איר דאַרשט
אדריאַנ׳ס וואָרט צו הערען. — טיניוס רופוס,
טרעט פאָר, צייג דיין געשאַנק.
ט י נ י ו ס  ר ו פ ו ס :
(טרעט פאָר, ראָלט אויף אַ פּערגאַמענט־ראָלע און לעזט.)
פון אונז אדריאַן, ערשטער רוימישער קאָנסול, פּאָנטיפעקס מאַק־
סימוס און אימפּעראַטאָר פון דעם רוימישען רייך, צו די יודעער.
אונזערע אונטערטאַנען, פריהער, איצט רוימישע בירגער, גרוס!

מיר האבען עס ערלויבט אויף רבי עקיבא'ס ביטע, דאס אין די פריד־אידען פונ'ם מאנאט אפריל, נאך אייער קאלענדאר, מיט פון חודש נסן, זאלען די יודעער, וועלכע, נאר דאס וועלען ער־לויבט זיין נאך דעם אלטען מנהג פון די אבות זייערע, דעם חג של פסח אויפ'ן הר מוריה פייערען.

און צו דעם פעסט ערגרייפען מיר די געלעגענהייט, נאכאמאל די בעלי חג פון אונזער גונסט צו פארזיכערען, פון אלע פריווי־לעגיעס און רעכטע מיט וועלכע מיר האבען זיי עד היום בעגנא־דיגט, און נעמליך: —

ניט מער אלס פראסטער אונטערטאן בעטראכט זאל ווע־רען דער יודעער סיי אין רוים, סיי אין אלעקסאנדריען, סיי אין יודעא. צום רוימישען בירגער האבען מיר אים דערהויבען, און אלס אזעלכער ווערט אים דא נאכאמאל פארזיכערט די פריווי־לעגיעס און רעכטע, וועלכע גייען מיט דעם טיטעל.

מיר האבען עס ערלויבט אין וועלכען טייל פון רייך ס'זאל ניט זיין, זאל דעם יודעער פריי שטיין זיין גאט צו דינען, זיינע מנהגים צו פאלגען אונטער דעם פולען שוץ פון דער רוימישער ענים.

אויך פינען מיר צו אלס א ספעציעלע געשאנק פאר'ן היינ־טיגען טאג א גענצליכע ערלאסונג פון דער טאקסע, וואס האט עד היום דעם גרעסטען אנשטויס דעם פאלק ישראל נעגעבען.

(באוועגונג אין דער מאסע. קולות: שא! שא! הערט!)

מיר ערלאזען די יודעער די טאקסע, וועלכע די יודעער, אין איינשטימונג מיט'ן באשלוס פון פריהערדיגע הערשער, האבען נעמוזט א יעדען יאר ענטריכטען צום טעמפעל פון יופיטער קא־פיטאלינוס. (פאלק מיט גרויסע פרייד: הידד, רוים! ט. רופוס לעזט וויי־טער מיט געהויבענער שטימע) און אט די טאקסע קאנט איר איצט, אויב וויליג צום ווידעראויפבויען שטייערען פון אייער איינענעם טעמפעל: פאר וועלכען צוועק מיר האבען היינט אונזער שטעל־פארטרעטער דארט, טיניוס רופוס, אינסטרוקציעס געגעבען, אייך יעדע הילף אין אייער וועג צו שטעלען, פאר'ן גיכערען אויפבוי פון אייער חרב'ען הויז.

(לאנג אנהאלטענדע אפלאדיסמענטען. קולות שרייען: הידד רוים! הידד אדריאן! הידד טיניוס רופוס!. ט. רופוס שרייט אי־בער און לעזט ווייטער ווי אויבען:) און אלס א צייכען פון פארברי־



דערונג איינגווייהען וועהען מיר דאס הויז צו א דאפעלדיגער גאט־הייט. (דאס פאלק איז מיט אמאל שטיל געווארען; מען הערט זיך צו אויפמערקזאם.) — צו אייערער און צו רוים'ס שיצענדער גאט־הייט — יהוה און יופיטער קאפיטאלינוס.

שטימען: אה! וואס! דער געץ אין אונזער הויז? — ניין! קיינמאל ניט!

נאך שטימען: אין אונזער לעבען וועלען מיר'ס ניט דערלאזען!

(ס'איז געווארען א געטומעל. אויפגערעגטע קולות שרייען: — ניין! ניין! — רוימישע אידען זוכען איינצושטילען און צו בארוהיגען.)

ענות: (שפרינגט צו צום טיש, קלאפט מיט'ן האמער) שא, שטיל וויל איך!

קולות: ענות, שריי מיט אונז, ניין; שריי קיינמאל ניט!

א פרוש; זאג זיי אין אונזער מקום קדוש קומט קיין רוימישער געץ.

ענות: (קלאפענדיג העפטיגער, איבערשרייענדיג דעם טומול)

ניין! שריי איך, ניין! און איך שריי, קיינמאל ניט —
ניין, קיינמאל ניט! — נאר ניט צו רוים שריי איך;
איך שריי עס צו אייך! — ניין קיינמאל ניט!
וואס בונטעוועט איר זיך און ליארעמט ווי משוגעים?
וואס וויל היינט רוים טאן און עס קאן ניט טאן?
ווילט איר מיט היציגע קעפ און שכר'ע הערצער
דעם גוף פון פאלק אנטקעגען א פעלזען שמעטערען!? —
עד מתי מיין הערץ איז נאך מיינס, מיין קול איז נאך שטארק,
וועל איך שרייען צו אייך: ניין, ניין און קיינמאל ניט! —
און שטיינערט מיך!
איר שטיינערט דאך אין מיר דאס לעבען פון אייער פאלק.

(די מאסע איז שטיל געווארען. די היציגערע ווערען צוריק־געהאלטען פון די קיהלערע.)

שטימען (פון רוימישע און אלעקסאנדריענישע אידען)

רייד ענות, רייד! מיר שטייען אט דא מיט דיר.

איין אלטער איד: הער ענות, זאג
מיר ניבען אלץ צוריק וואס אדריאן האט געגעבען
און זיינען וויליג צו געבען א סך מער און ליידען מער.

נאָר דאָס, דאָס קיינמאָל ניט — דאָס קאָן ניט זיין.

(נאָכאַמאָל אויפרעגונג. קולות שרייען: "ניין, קיינמאָל ניט!„ רוימישע און אַלעקסאַנדריענישע אידען זוכען מיט געוואַלט צו מאַכען שווייגען די שרייערס. ענות פאַרזוכט צו ריידען. רוימישע אידען זוכען איינצושטילען.)

א רוימישער איד: האַלט אייערע מיילער צו און שווייגט, ענות וויל ריידען.

ענות: (ווי אויבען)

שאַ, הערט!
רוים וואָס קאָן אַלצדינג טאָן וואָס איר געפעלט
באַפעלט אייך ניט. זי בעט אייך, שמייכעלט אייך.
זי, וואָס איז די הערין, הויבט אויף דעם שקלאַף אירען
צו איר אייגענעם ראַנג, און שטרעקט אויס די האַנד מיט הילף
צו אים, וואָס קאָן איינציג לעבען נאָר פון איר גענאַד.
און איר, די שקלאַפען פון רוים, שטויסט איר די האַנד צוריק,
שפייט איר אין פּנים, דרייט איר דעם הינטען אויס,
און הויבט זיך אַנטקעגען איר מיט פוילע רעבעלישע הערצער.
זייט איר יודעעה, איר וואָס רופט אייער גאָט אַן "צדק„
איז יושר דאָס, איז דאָס גערעכטיגקייט?
ווי קאָנט איר יושר און גערעכטיגקייט ביי אַנדערע פאַרלאַנגען
און אייערע הערצער זיינען די לעצטע עס אַנדערע צו געבען? —
טיניוס רופוס, האָסטו דיין בריף געענדיגט?

טיניוס רופוס: נאָר דאָס נאָך: (לעזט ווייטער)
"און אויף דעם פונקט וועלען מיר קיין שום ענדערונג ניט ווילינג זיין צו באַטראַכטען. און וועלען אפילו, דעם גרינגסטען וואונש אין אָט דער ריכטונג, אַלס אַ באַליידיגונג צו רוים עס רעכענען.

אַ פּרוש:

וואָס הארט אונז דאָ וואָס רוים וועט יאָ באַטראַכטען
צו ניט באַטראַכטן — רוימ'ס געץ
וועט קיינמאָל ניט שטיין אין אונזער בית המקדש.

קולות: שאַ, וואַרפט אים אַרויס פון דאָרטען!
וואָס וויל ער?

אַנדערע: שאַ, הערט!



ענות:

(צו טיניוס רופוס)

איך זאָל דאָ ריידען אינ'ם נאָמען פונ'ם פאָלק,
און שווער פיל איך אויף זיך די אחריות.
דו זעהסט אַ מאַסע וועלכע שטייט פאַר דיר
אין ביטערען קאָנפליקט מיט זיין אייגענעם זיך,
ניט קלאָר באַוואוסט דעם וועג וועלכען צו טרעטען.
ווים האָט נאָר ווינציג גוטעס דעם יודעער געוויזען
בעפאָר ס'האָט אדריאַן געהאַט אַלס אימפעראַטאָר.
גזירות און הריגות, צו שקלאַפעריי געבונדען און פאַרקויפטע,
דאָס זיינען געווען די מתנות מיר האָבען באַקומען פון רוים.
איין אַנדערע ערא זעהען מיר איצט זיך לייכטען.
רוים האָט מיט לאַכען איר פּנים צו אונז געווענדעט.
אַ סך פון אונז האָט שוין דאָס ליכט פון רוים
פון לאַנג געלייכט. — הגם אין אונזער גלויבען
נאָך יודעער, האָט רוימישער קולטור
שוין לאַנג אונז איינגענומען. און אַ סך זיינען צווישען אונז
וואָס דענקען אַזוי ווי מיר — און ווייניגע נאָר,
וואָס זוכען אין זייער פינסטערניש צו פאַרבלייבען. —
און די וואָס האָסט געהערט היינט זיך דערהיצען
אַנטקעגען אַ רוימיש יודעאישער קולטור,
וואָס אין מיין גלויבען איז געווען די אַבזיכט
וועלכע אדריאַן באַצוועקט האָט מיט זיין טעמפעל
צו אַ דאָפעלדיגע גאָטהייט, איז געווען די שטים
פון די ווייניגע פון די פאַנאַטיקער,
וואָס האָבען געמאַכט זייער גלויבען ניט אַ בריק
וואָס ציהט זיך איבער די טיפסטע אָפּגרונטען
און רוישענדיגע ימים — נאָר אַ מויער,
וואָס לאָזט קיין ליכט ניט דורך. — טיניוס רופוס,
איך רייד דאָ אינ'ם נאָמען פונ'ם גרעסערען טייל,
פון די באַוואוסטזיניגערע פונ'ם פאָלק פון די יודעער,
פון די, וואָס האָבען היינט ווייט זייערע אויגען אָפען; —
דער אָנבאָט אדריאַנס איז העכסט געפעליג
אין אַלע אויגען פונ'ם אידישען פאָלק.

ק ו ל ו ת (דערשטיקטע) פערראט ! פאררעטער פונ'ם אידישען פאלק !

א נ ד ע ר ע : שא ! שטיל !

ע נ ו ת (פארטזעצענדיג זיין רעדע)

און דא דער שטיין,
וואס זאל דער גרונדשטיין פונ'ם נייעם טעמפעל ווערען,
נעם אים דא, טיניוס רופוס, רוים'ס
שטעלפארטרעטער און אונזער אדריאנ'ס
און לייג אים דא אלס ערשטען פונדאמענטשטיין
צו רוימישער־יודעאישער פארקניאזיכץ.

(ט. רופוס נעמט דעם שטיין און גייט אין באגלייטונג פון די גדולים אראפ פון דער טריבונע, וואו א פרישע גרוב איז אויסגעגראבען געווארען. ווי זיי דערגרייכען דעם פלאץ, שפרינגט ארויס בר כוכבה, ווארפענדיג אפ פון זיך א רוימישען אידען, וועלכער האט געזוכט אים צו פארהאלטען.)

ב ר כ ו כ ב ה (צום איד)

איך האלט זיך לענגער ניט ! — אוועק דו נידעריגער שקלאף !
טיניוס רופוס. קיין שפאן מאכסטו ניט ווייטער !
דא וואו דו שטייסט, הערט אויף די מלוכה פון דוים,
און וואו איך שטיי איז די נחלה פון מיינע אבות.

ט. ר ו פ ו ס : (ערשטוינט) ווער ביזטו און וואס ווילסטו ?

ב ר כ ו כ ב ה :

דו קוקסט מיך אן און פרעגסט ? — א איד ווי א סך אנדערע
וואס וואלגערען זיך פון עק צו עק פונ'ם גרויסען רוימישען רייך.
ווען איר, רוימישע גדולים, קאנט באפעלען ווי שקלאפען
און ווען דער רוימישער שקלאף קאן אומבאשטראפט אין פנים שפייען
און צופען אים ביים בארד — איין איינגעהויקערטער איד פון צער
און ווייטאג, אויף וועמען געצייכענט איז דער שטראף פון לאנגע דורות.
דאס בין איך. און וואס איך וויל, איך האב עס דיר געזאגט.
דא וואו דו שטייסט, הערט אויף די מאכט פון רוים,
און וואו איך שטיי, פארטיידיג איך מיין פאלק'ס מלוכה.

א ר ו י מ י ש ע ר א י ד : וואס וויל דער משוגענער !

א א י ד ע נ ע : א נביא האט זיך דערהויבען, א נביא !



ב ר כ ו כ ב ה : (צו ט. רופוס)

דו קוקסט מיך אן און קאנסט מיך ניט פארשטיין,
און ס'איז דאך אזוי גרינג מיך צו פארשטיין :
שפאצירסטו אויפ'ן אפיאן וועג ווען וואו,
און שטייסטו בעפאר א פאלאץ גרוים און רייך
וואו גאלד און זילבער פינקלען און בלישצען,
האסטו ווען א מאל געטראכט — דא וואוינט א איד ?
ס'איז נאריש אזא געדאנק — וואס בליהט איז רוים'ס.
דאך ציהען זיך דיינע טריט אביסל ווייטער.
הינטער'ן אפיאן טויער, אראפ צו'ר טראוואסטערא.
דארט זעהסטו הייזער, איינגעהויקערטע, צובראכענע,
וואו ס'פייפט דער ווינד א דורך און ס'קרעכצט די נויט
דאן ווענדעט זיך דיין פנים אוועק מיט עקעל —
פאטריא יודעארום — דעם אידענ'ס פאטערלאנד.

ג ל י ל ' ש ע א י ד ע נ ע ס : א נביא, א נביא האט זיך באוויזן !

ב ר כ ו כ ב ה :

נו, קוק אליין, באמערק, און זאג, זעהסטו ?
די פעלדער דארט בארעקט מיט פעטער גרינקייט,
די בוימער יענע, וועלכע אין די ווארימע שטראהלען
פון דער פריהלינגס זון צובליהען זיך,
און שפראצען נאך אין דער בליטה מיט פעטער פרוכטבארקייט,
און יענע וויינגערטנער, וואו'ס ווינקט דער רויטער זאפט
שוין אין די גרינע, צארטע קערענדלאך — זיי זיינען דיין !
זיי בליהען איצט פאר רוים ווי פריהער פאר ישראל.
זיי רייסט איינציג די מאכט פון שטארקערע הענט.
זיי זיינען דיין און געהערען צו רוים'ס ממשלה.

אי ד ע נ ע ס : (וויינענדיג) א נביא, א נביא האט זיך דערהויבען.

ב ר כ ו כ ב ה (ווי אויבען)

און יענע הימעל־בלויע טייכען דארט
וואס טאנצען מיט דימאנטען איצט אין זון
וואס ווימלען מיט פיש פון טויזענטער מינים,
און וואשען שיינע, לאכענדיגע אופער — זיי זיינען דיין !

זיי שטראַלען אין פאַרבען פון פרייד :
זיי זיינען דיין און געהערען צו רוים'ס ממשלה.

א י ד ע נ ע ס : (וויינענדיג שטאַרקער) אַ נביא, אַ נביא !

ב ר כ ו כ ב ה (ווי אויבען)

און קוק אַראָפּ ביז ווייט צום ברעג פון ים
וואָס האָט אַמאָל בעפאַר אונזערע טריט פאַרטרוקענט,
דאָרט בלאָזט דער ווינט אַ סך טויזענדרע שיפען צוזאַמען,
וואָס טראָגען פון איין עק וועלט צום אַנדערען
די פרוכטען אונזערע פון לאַנד צו לאַנד ;
פון מזרח־דרום וואו ס'וואַקסט דאָס גאָלד,
ביז צו דעם מערב צפון עק פון ים,
וואו ס'הויבען זיך די ברעגעס פון אַלביאָן. —
און יענע שיפען, זיי זיינען דיינע אויך ;
זיי טראָגען אונזער פאַרב ניט מעהר.
זיי זיינען דיין און געהערען צו רוים'ס ממשלה.

א י ד ע נ ע ס : (וויינענדיג) וועה איז צו אונז ! אַך איז צו אונז !

א ר ו י מ י ש ע ר  א י ד : וואָס דילט ער דאָרטען ,דער משוגענער ?

א נ ד ע ר ע : רייסט אים אַראָפּ פון דאָרטען, דעם משוגע־נעם.

ב ר כ ו כ ב ה (ווייזענדיג אויף די אידישע גדולים)

און יענע, אויך מיט צירונג פול באַשטעקטע,
מיט נאַריש, פרייענדיגע הערצער און טאַנצענדיגע געפיהלען,
מיט פעטע בייכער און גלאַט צופרידענע מאָרדעס,
וואָס אַלץ וואָס א י ז געפעלט, און רופען קדוש
און שרייען הידד צום שטאַרקערען —
אויך זיי, זיי זיינען דיין — זיי טראָגען רוימישע פאַרבען
און שמייכלענדיג בוקען זיי זיך אונטער רוים'ס ממשלה.

א י ד ע נ ע ס : אַ נביא ! אַ נביא !

ק ו ל ו ת : (העפטיגערע) רייסט אים אַוועק פון דאָרטען, דעם משוגענעם.

ב ר כ ו כ ב ה (איבערשרייענדיג)

דאָך קוק אַליין, און זעה, טיניוס רופוס !
דאָ וואו איך שטיי איז אַלץ צושטערט, צובראָכען,



קיין גרעזעל שפּראָצט ניט אויף דער חרוב'ער ערד.

א י ד ע נ ע ס : (כליפּענדיג) וועה, אָה, וועה !

ב ר כ ו כ ב ה : (ווי אויבען)

אין שטויב און אַש ליגט אָט דאָ צושטערט
די גרעסטע, העכסטע, שטאָלצסטע געביידע,
וואָס האָט ווען אַמאָל דערגרייכט דער מענש צו בויען.

א י ד ע נ ע ס : (כליפּענדיג העכער) וועה איז צו אונז ! אַך איז צו אונז !

ב ר כ ו כ ב ה : (ווי אויבען)

די ווענט דאָ זיינען שוואַרץ, אין שטיק צופאַלען,
קיין שטיינדעל איז ניט דאָ, וואָס רעדט ניט פון צושטערונג,
פון יאוש ניט, פון טרויער און חורבות.

א י ד ע נ ע ס : (כליפּענדיג נאָך העכער) וועה איז צו אונז ! אַך איז צו אונז !

ב ר כ ו כ ב ה : (ווי אויבען)

אין שטויב און אַש ליגט אָט דאָ צושמעטערט
־ער שטאָלצער חלום פון די אבות מיינע !

א י ד ע נ ע ס : (ווי אויבען) וועה איז צו אונז ! אַך איז צו אונז !

ב ר כ ו כ ב ה : (ווי אויבען)

און יעדע שטיינדעל, יעדע ברעקעל שטויב
איז דורכגעזאַפּט און איז דורכגעטרענקט
מיט בלוט און טרערען, מיט'ן הערצבלוט,
מיט די נשמה טרערען פון אַ יענע אבות.

א י ד ע נ ע ס : (שוואַך שוין פון אַזוי פיל וויינען) וועה, אָה, וועה !

ב ר כ ו כ ב ה : (ווי אויבען)

טיניוס רופוס, די חורבות זיינען מיין ירושה !
די זיינען דיינע ניט ; די זיינען ניט רוימ'ס ;
דאָ איז ניט פעטקייט, גאַנצקייט, אויסגעבויטקייט ;
דאָ זיינען ניט סאָלידע זיך געפעליגע מאַסען ;
דאָ איז איינציג צער און שוואַרצקייט אומעט און רואינען,
דאָס איז און בלייבט נאָר מיינס, און מיינס, און מיינס.
זיי טראָגען די פאַרבען פון מיין עלענד פאָלק !

א י ד ע נ ע ס : (וויינענדיג) א משיח, א משיח איז געקו־מען אונז ראטעווען.

(א שטארק געבויטער רוימישער איד האט זיך דערנעהענטערט צו בר כוכבה מיט'ן געדאנק אים אוועקצושלעפען.)

ר ו י מ י ש ע ר א י ד : (נאָהענט צו אים) אוועק פון דא־נען, דו משוגענער.

ב ר כ ו כ ב ה (דרעהט זיך אויס)

אוועק פון דאנען, דו פוילער, נידעריגער שקלאף,
וואס פיהלט די קייט ניט, וואס וועגט צו דער ערד אראפ אים.
קום ניט צו נאנט צו מיר! — איך צומאל דיך ווי א שטיין.
א קוק מיך אן, און זעה! — אזוי בין איך
שוואך און קליין און איינגעבויגען און פארקארטשעט,
מיט מורא'דיגע אויגען, — דאך שטיי איך דא,
ערוואכט אין מיר א שטארקייט; א לעבענס־פלום
דורכריזעלט מיר מיין קערפער. מיין גוף,
ער וואקסט ווי דער שטאלץ פון מיין נשמה.
א יעדע אדערל ווערט ווי די זעהן פון א לייב.
דא פיהל איך זיך דער יורש פון די דורות.
קומט איינער, אלע קומט איהר, פוילע נידעריגע שקלאפען!
וואס לעקען די שטויב אויף פון די רוימישע שטיוועל,
מיט א בלויזען בלאז האב איך אייך אוועקגעבלאזען
בארצעהר איך אייך, ווי'ס פארצעהרט דער פייערווינד.

א י ד ע נ ע ס : א משיח, א משיח איז געקומען צו רא־טעווען.

ט י נ י ו ס ר ו פ ו ס :

קענטוריאנען, אינ'ם נאמען פון רוים, ערגרייפט א יענעם מענשען!

(די קענטוריאנען אדווענסירען; בר כוכבה ערווארטעט זיי אין דער זעלבער טראציגער האלטונג. שמעון פון גליל ווארפט זיך זיי אין וועג.)

ש מ ע ו ן פ ו ן ג ל י ל :

טיניוס רופוס, מיר זיינען פראסטע אידען, וואס וואוינען אין גליל.
מיר ווייסען ווייניג נאר, וואס איז דא דער דין פון תורה,
נאך ווייניגער ווייסען מיר ווי ס'פסק'נט רוים'ס געזעץ,
דאך פיהלען מיר, וואס ס'האט יענער מענש געזאגט,
איז געוועז איינגעקריצט אינ'ם טיפסטען פון אונזער נשמה,



און פאר יענע ווערטער שטייען מיר היינט מיט אונזערע לעבענס.
(צו די גליל'ער) ניט אזוי?

א ל ע : אמת! יא!

ט י נ י ו ס ר ו פ ו ת :

רעבעליאן! . — דאס איז געווען אייער גאטעסדינסט אין וואפען?
קענטוריאנען, קומט! — רוים האט גענוג סאלדאטען.

(ט. רופוס און קענטוריאנען אפ)

ע נ ו ת : (זוכענדיג אים צוריקהאלטען)

איין רגע, איך בעט דיך! איך פארזיכער דיר רופוס!

(אויפגערעגט ווי צום וויינען באלד)

וואו האט איר אונז געבארכט דא, גאט מיין גאט!
ווען אלץ איז שוין געווען אויף אזא וועג!

(באמערקט בר כוכבה וועלכער שטייט איצט מיט געבויגענעם קאפ.)

ביזט דער משיח דו, גיב א צייכען אונז!

(בר כוכבה רירט זיך ניט.)

ק ו ל ו ת : שטייניגט אים! שטייניגט אים! דעם פאלשען משיח, דעם פארעטער!

ע נ ו ת : (גייט נאהענט צו אים צו)

ביזט דער משיח דו!? מיר ווילען א צייכען.

(בר כוכבה רירט זיך ניט.)

ק ו ל ו ת : (דראהענד) שטייניגט אים, הרג'עט אים אוועק.

ע נ ו ת : (נאך נאעהנטער)

גיב אונז א צייכען צום דריטען מאל, פארלאנג איך עס פון דיר —
א צייכען!

דו הערסט, וואס דיך ערווארט, דו זעהסט,
און ווייניג נאר וועט מען זיי קענען שעלטען.
קאנסטו דערמעסטען די גרויס פון דיין פארברעכען?
זייט זעכציג יאר און מער, פונ'ם זעלבען טאג
ווען ס'איז דער גרויסער חורבן אונז בעפאלען,
ווען מענשען, אזוי ווי דו, מיט הייסע קעפ,
און הערצער ניט קיינע איבערלייגטע, האבען געשטירצט
א קליינעם הויפען מענשען זיך צו צושמעטערען
אנטקעגען רוים'ס וועלטמאכט און געבעכטען צארן,
זייט יענעם טאג האבען דער רוב פון אונז
ועמען אביסעל איבערלעגונג 'איז נאך געבליבען,

מיט פארזיכטיגער ארבייט און שווערע שטרעבען,
מיט בעטען און צוזאגיכצערס, מיט שמייכלען
און חניפות, געארבייט די זעכציג יאר,
דעם טאג אראפצוברייננגען, ווען אפשר ווידער
די מעגליכקייט וועט קומען, דאס אלטע גוט צו מאכען.
דאס וואס איר האט צושטערט, ווידער צו בויען.
און היינט זיינען מיר דערצו אהער געקומען,
א פאלק געקומען, זיין פאלקטום צוריק צו גרינדען,
ארום זיין גאט און לאנד אויף ס'ניי צו שארען זיך. —
דערצו ביזטו אויך געקומען
און האסט די שמחה אונז אין טרויער אומגעוואנדעלט.
און האסט מיט גיכער האנד צושטערט
וואס מיר, מיט יאהרען פון פארזיכט, האבען איפגעבויט.
און האסט די מיליאנען, וועלכע זיינען אהער געקומען
מיט פרייליכען בטחון, אין פארצווייפעלטע מענשען
האסטו זיי איבערגעביטען...
צום שווערד פון רוימער האסטו אונז אויסגעליפערט.

קולות פון די רוימישע און אלעקסאנדרישע אידען: שטייניגט אים, שטייניגט אים, דעם פארעטער.

אידענעס: (וויינענדיג) א נביא איז ער, א נביא, א משיח!

ענות: (ווי אויבען)

דו האסט דיין ארבייט ריכטיג אפגעטאן
גאר פאר קיין מארטירער וועלען מיר דיך ניט מאכען.
גיי! די צאל פון מענשען אין דער שטאט איז גרויס.
טיניוס וועט היינט ניט וואגען זיי אנצוריהרען.
דאך פאלג מיר דו, און גיי, ווי נאך
קיין אידישע פנים לאכט היינט צו מארגען,
צו ווען ס'איז אמאל; ווייל אזעלכע ווי דו
זיי טראגען אין זייער הערץ
א סם המות פאר די ליבסטע זייערע. (צו דעם עולם) קומט!

(לאנגזאם פילט זיך אין דער מאסע א באוועגונג ווי צו אוועקגיין. די ערשטע זיינען די גדולים און רוימיש-אלעקסאנדרינישע גרופע. בר כוכבה הויבט אויף דעם קאפ.)



בר כוכבה:

אך, איר, מיט אייערע פארקארטשעטע און איבערלייגטע מוחות
וואו א שוואכע הארץ, א מורא'דיגע טרוסישע
קאכט אפ געדאנקען פאר וועלכע די נשמה שוידערט.
וואס איר רופט שכל און דאס ענגט
און קלאמערט זיך ארום איין איינציגען געדאנק —
לעבען, עקזיסטירען — און אין אלץ
וואס קאן אייך דערצו געבען דאס וויניציג שוואכע רעכט
כאפט איר זיך אן, ווי ס'כאפט דער טרינקענדיגער זיך
אפילו אינ'ם שארף פון שווערד, אבי פונ'ם טויט
אוועקצופליהען — וועה איבער אייך!
א, וועה דיר! דרייפאכע וועה איבער דיר ישראל!
א באסטארד פאלק, איין אומנאטירליכער זוהן,
א טרוסישע ממזר פאלק ביזטו געווארען,
וואס ווארט צו זעהן אלס א געטליך צייכען,
וואס יעדען מענש אין הערץ איז איינגעברענט.
קוקט זיך ארום — שטייט איר ניט אויף דעם בארג
וואו גרויסע אבות פאר פרייהייט האבען געבלוטיגט?
שטייט ניט דער בארג ווי יעמאלט אזוי הויך
און גרויס און פריי? שוועבט ניט אזוי פריי אייער בליק?
פריי קוקט דאס אויג ביז ווייט אראפ צום ים;
ביז ווייט צום מדבר פון וואנען ס'וואכט די זון —
איז אלץ, אלעס פריי. באגרענעצט אליין פון גאט
מיט קושענדיגע, בלויע, אומבאגרעניצטע גרענעצען.
און יענער אדלער שוועבט דאך אזוי פריי.
און יענע קוואלען פלעטשערען אזוי פריי,
און פריי און הויך שטייט נאך דער שפיץ פון חרמון
און שמעלצט אפילו ניט אין די שטראהלען פון גאט'ס זון —
און איר, איר נויטיגט זיך אין א געטליך צייכען
צו רייסען פריי זיך פון א מיאוסער קייט? — גייט!
ווי קאנט איר'ם נסים זעהן?
ס'שפראצט אייער לאנד מיט פעטקייט און מיט שיינקייט,
מיט בלומען און מיט פרוכטען,
ס'פליסט מיט מילך און האניג;
ס'נעמט דער רוימער אוועק אייער מילך און האניג און פרוכטען;

ס'איז בלינד אייער אויג צו אייערע בליטען און בלומען —
(די יהודים וועלכע זיינען שטיין געבליבען און וועלכע האבען ביז איצט זיך צוגעהערט האבען נאך אמאל זיך אנגעאויבען באוועגען אוועקצוגיין. בר כוכבה באמערקט עס.)

ב ר  כ ו כ ב ה : (ווי אויבען)

נייט! און שטייט ניט איין, און גייט, און גייט!
און נאכגיין זאל אייך דא מיין נביא קללה.

ג ל י ל ' ש ע  פ ר ו י ע ן : וועה, אה וועה!

ב ר  כ ו כ ב ה :

ווי איר ווענדעט זיך איצט אפ פון אייער אייגענע לאנד,
וועט זיך אייער אייגענע לאנד אפווענדען פון אייך.

ג ל י ל ' ש ע  פ ר ו י ע ן : וועה, אה וועה!

ב ר  כ ו כ ב ה : (ווי אויבען)

און יענע בערגער, שוואנגערנדיג מיט לעבען,
צו שטיינערנע, אומפרוכטבארע פעלזען וועלען זיי זיך בייטען.

ג ל י ל ' ש ע  פ ר ו י ע ן : וועה, אה וועה!

ב ר  כ ו כ ב ה : (ווי אויבען)

און יענע פרייליך זשומענדיגע קוואלען
פארזינען און איינטרוקענען וועלען זיי אויף תמיד.

ג ל י ל ' ש ע  פ ר ו י ע ן : וועה איז צו אונז! אך איז צו אונז!

ב ר  כ ו כ ב ה :

דאס לאנד, וועלכעס פליסט אצינד מיט מילך און האניג
א טרוקענער גרויער מדבר וועט עס ווערען.

ג ל י ל ' ש ע  פ ר ו י ע ן : (ווי אויבען) וועה איז צו אונז, אך איז צו אונז!

ב ר  כ ו כ ב ה :

און אומדערגרייכבאר וועט דאס לאנד צו אייך ווערען,
ווי אומדערגרייכבאר זיינען צו איר היינט אייערע הערצער.

ג ל י ל ' ש ע  פ ר ו י ע ן : (ווי אויבען) אך איז צו אונז! וועה איז צו אונז!

ב ר  כ ו כ ב ה :

און גייט, וואס שטייט איר איין — אה, גייט! און גייט!
(דאס וויינען פון די פרויען ווערט אלץ שטארקער בעת בר כוכבה רעדט.)



און גיין וועלען אזוי פאר לאנגע ביטערע דורות
די קינדער אייערע פון איין ארט צום אנדערען
און זוכען זיך א פלאץ זייער קאפ צו רוהען,
און ניט געפינען זיך א פלאץ זייער קאפ צו רוהען.
אה גייט, און גייט, און גייט און שטייט ניט איין!
ס'וועלען די אומהות אייער שוואכקייט נאך פארשוואכען.
ס'וועלען די פרויען פון אייער שוואכקייט לאכען.
ס'וועלען די קינדער אייערע פון אייך זיך ווענדען.
נאהענט וועט איר זיין! איר וועט זיך קענען אנריהרען,
דאך וועט א שרעקליכע תהום אייך שיידען.
דאן וועט איר שטארקע מענער ווערען די פרויען
און וויינען וועט איר ווי די שוואכע קינדער.
(די פרויען בליפען אלץ שטארקבר. די מענער שטייען מיט געבויגענע קעפ.)

ע נ ו ת :

קומט, זאג איך אייך, קומט, איר שמעלצט אוועק פון ווערטער,
דאך נאהענט שוין אפשר זיינען די רוימישע מחנות.
(די אידען נעמען זיך נאך אמאל פאוואליע צו גיין.)

מ ר י ם  פ ו ן  ג ל י ל (שפרינגט ארויס)

רופט איר אייך מענער, איר, ערגער נאך ווי ווייבער!
איר, ערגער נאך ווי פחד'יגע טרוסען.
ס'שיצט דער האז פון פעלד זיין ווייב און קינד
און אונזערע מענער פארקויפען אונז צום שאנדבעט.
אומהיילינג איז אייך היים און ווייב און קינד.
(רייסט אראפ די קינדער צו דער ערד)
ליגט אט דא, קינדער, מיט די חרובה שטיינער;
צו חורבות ערציהען אייך אייערע פעטערס.
רייסט אפ אייער קאפ־פוץ פון אייך, איר עלענדע ווייבער;
(זי רייסט אפ אירעס)
רייסט אפ די מאנטלען פון די ברוסטען אייערע;
(זי רייסט אפ איר מאנטעל)
און ליגט זיך מיט די בהמות פון די פעלדער;
און ערציהט קינדער מיט די חיות פונ'ם וואלד;
זיי וועלען אייער כבוד מער אפהיטען.

און וועלען ניט אייער שאנדע פאר'ן שונא אויפדעקען.

ענות:

וואס מאכט איר סצענעס דא? — האט אויערען — קומט!
ס'וועט דא א בלוטבאד ווערען ווי נאך קיינמאל.

שמעון פון גליל:

מיר ווייסען דאס ענות — נאר מיר קענען ניט גיין;
מיר ווילען ניט זעהן די שענדונג פון אונזערע חורבות;
מיר קענען ניט הערען דאס געשפאט פון אונזערע ווייבער.

ענות:

קומט! איך זאג אייך, פאלגט! מיר וועלען האנדלען לויט דעם
ווילען אייערען!
נאר קומט אוועק פון דאנען! איצט, ביי גאט!

שמעון:

מיר קענען דיר ניט גלויבען; האסט פריהער אויך געשווארען.

רבי עקיבא: (וועלכער איז שוין זייט א שטיק צייט אנגעקומען און איז געשטאנען אומבאמערקט ארומגערינגעלט פון זיינע תלמידים, טרעט פאר) נו, גייט! גלויבט מיר, איך שווער דאס אייך.

אלע: (ערשטוינט) דער רבי!

עקיבא: (קומענדיג מער נאך צום פאדערגרונט מאט זיינע אויגען פיקסירט אויף בר כוכבה).
א שטערען איז אויפגעגאנגען אין ישראל;
א ליכט איז געבוירען געווארען אין יהודה. גייט!

(אלע גייען פאמעלאך און מיט געבויגענע קעפ אפ. צו לעצט רבי עקיבא און זיינע תלמידים. בר כוכבה שטייט אליין. אלישע בן אבויה איז איבערגעבליבען. קומט נאהענט צו בר כוכבה צו.)

אלישע:

שווייגסט, יהודה פון גליל? — מיך פרעהט עס, איך האב דיך געזען, יהודה פון גליל — איך האב געטראכט איך וועל אפשר מורזען שטארבען און דיך ניט האבען געזען. איר זייט זעלטענע פויגעל, יהודה! איר קומט, ווען צייטען זיינען גוטע, איינמאל אין א דור. איר וואלט בעדארפט, אפשר, מעהר אפט קומען. כאטש איך ווייס ניט צו וואס. איר מאכט א סך אויפריהרונג און אויפרעגונג און מיין רבי עפיקורעאוס זאגט: אויפרעגונג איז ניט געטליך — דו שווייגסט? — דו הייסט אפשר ניט יהודה? וואס איז דער אונטערשייד? א נאמען זאגט גאר ניט. כאטש וואלסט



בארארפט הייסען יהודה. ס'איז א שיינער נאמען. יהודה דער לייב, יהודה המכבי, יהודה פון גליל. — ער און דו דערמאנען מיך פון דעם גריכישען פויגעל פעניקס. כאטש באמת, גלויב איך אין דעם פוינעל ניט. נאך דעם וואס עס נעמט דעם דאזיגען פויגעל דורות פארברענט צו ווערען, ווערט ער ווידער אמאל א גאנצער, און שטארקער, און שענער ווי פריהער.

דו הערסט מיך ריידען פון עפיקורעאוס, און גריכישע פויגעל, ווייסט דו דאך שוין הפנים ווער איך בין. איך בין עלישא בן אבויה. אידען רופען מיך אחר, דער דבר אחר, דער חזיר, דער אנדערער. — ד. ה. ניט איינער פון זיי. ווייל איך האב ליב אויף גריכיש ווייז, ווייבער און געזאנג. — איך אליין האב אפילו ליב אביסעל צו זינגען. הער זיך צו:

אפראדיטא, שוימגעבוירענע, תאבה'דיגע
ליבעסטאכטער פון יופיטער,
און דו באכוס גאט פון שכרות,
גאט פון וויין...

(ער באגעגענט דעם טיף ערנסטען, טרויעריגען בליק פון בר כוכבה, מאכט ער א גרימאסע ווי צום לאכען, בויגט אבער דעם קאפ אונטער בר כוכבה'ס שטענדיגען בליק. גייט אומגעלומפערט אפ.

יא, יא, יהודה פון גליל! וויין ווייבער און געזאנג. דאס איז דער עיקר פון לעבען. (אפ.)

(בר כוכבה בלייבט אליין אין דער זעלבער טרויעריגער האלטונג. בויגענדיג פאוואליע זיין קאפ אן.)

פארהאנג.

אקט 2

# די שאַנד פון ישראל, אַ נאַקעטע אויף די גאַסען

בילד. בעפאָר דער פעסטונג אַנטאָניא אין ירושלים, וואו עס ליגט איינקוואַרטירט די רוימישע גאַרניזאָן. נחמה, די פרוי פון רבי אליעזר און חתה אַ אידענע שטייען ביי דעם שטיינערנעם טויער.

צייט. עס גרויט זיך דער מאָרגען פונ׳ם טאָג פאָלגענדיג דעם ערייגניספולען טאָג פונ׳ם ערשטען אַקט.

---

ח ת ה : לאָז מיט זיך ריידען, נחמה, הער זיך צו! דיינע פיס שאָקלען זיך און האַלטען זיך ניט מער. פון דיין האַנט גיסט זיך בלוט. (זוכט איר אַוועקצוציהען די האַנט און פאַרבינדען) קום אַוועק, דו ביזט געל ווי אַ מת. די הויכע שטיינערנע ווענט, זיי האָבען קיין הארץ ניט. זיי הערען דיך ניט. זיי פיהלען דיך ניט. זיי האַלען ניט אפילו אפּ דיין הערצרייסענדע העמערען אַנטקעגען זיי. קום!

(נחמה פאָלגט ווי באַוואוסטלאָז אַ פּאָר טריט, רייסט זיך אָבער אויף, אַמאָל אויס, שטייסט אַוועק חתה.)

נ ח מ ה : האָב איך דיך גערופען אהער? גיי דיר אַוועק. אַליין אַוועק. ביזטו אַ מאַמע? דו ביזט איין אומ׳רחמנות׳דיגע שוואַרצע קראָה. קיין מאַמע מיט איין הארץ וואָלט ניט געקאָנט ריידען אזוי ווי דו! אַוועקגיין, און מיין קינד! דאָרט שמאַכט מיין קינד אַוועק אין אנגסט און נויט — מיין קינד! און איך זאָל גיין אַוועק? (קלאַפּט שטאַרקער אין די שטיינערנע טויערען) הער, מיניום רופוס, אַ מאַמע, איין אַנגעפלאַגטע, אַנגעצערטע מאַמע בעט דיך דאָ: גיב מיר מיין קינד, מיין שיין קינד מיר אָפּ.

(זי צוקט נערוועז און פאַלט צו צום טויער ווי פריער)

ח ת ה : אָך! אידענע, איך האַלט דאָס לענגער ניט אויס. איך קען ניט מער דאָס צוזעהן און צוהערען. זי רייסט מיר





אָפּ מיין הארץ. גאָט שטראָף מיך ניט, איך קאָן ניט מער.

(האַלט ביים אַוועקגיין.)

נ ח מ ה : (באַטראַכטענדיג חתה אַ ווײַלע ווי ערשטוינט, קומט נעהנטער) ריהרט דיך מיין שמערץ, באמת — איך האָב געמיינט מיין שמערץ קאָן גאָר ניט ריהרען. דו זעהסט? — די אויגען מיינע זיינען טרוקענע. איך קאָן ניט וויינען. ס׳הודיעט מיר מיין קאָפּ. עס וואַרפט זיך מיר דאָס הארץ. נאָר ווייס איך ניט צו מעג איך דאָס אָנרופען שמערץ. איך פיל בכלל אזוי גרינג און קלאָר. זע, איך לייד גאָר ניט! איך פיהל אפילו ניט קיין וויי ווען ס׳רוישט דאָס בלוט פון מיין האַנט. אַ מאַמע, וואָלט איך געוועזן אַ מאַמע, מיט אַ הייסע, שטאַרקע, פיהלענדיגע הארץ, איך וואָלט געשריען, די ווענט פון שטיין וואָלטען אין שטיק צו־שפּרונגען... ס׳האָט ישועה׳ן ווייִ געטאָן דאָס וויי פון זיין פאָלק, האָט ער געשריען און די מויערען פון יריחה זיינען געפאַלען ביי זיין געשריי: און די מויערען פון יריחה זיינען געוועזן שטאַרקע־רע מויערען — די זון איז שטיין געבליבען און מורא זיך געהאַט צו ריהרען — און איך, איך שטיי און קלאַפּ און שריי די גאַנצע נאַכט דורך. ס׳רירט זיך ניט קיין ברעקעל שטיין. קיין מענש אפילו ניט אינ׳ם אינערען פון די מויערען רירט זיך ניט אַוועק־צוטרייבען מיך. וואָלט איינער כאָטש געקומען מיט׳ן פּנים פון אַ מענש. איך וואָלט גערעדט, געוויינט און אים דערווייכט — וואָלט כאָטש די זון געקומען.

(התה וויינט)

וואָס וויינסטו, נאַרישע אידענע, איך בין ניט קיין מאַמע — און דאָך האָב איך זי אויפגעהאָדעוועט פאַר זעבצען יאָהר, פאַר זעבצען שיינע, לאַנגע, בליהענדע יאָהרען. וואו אַ יעדער צער און וויי אין מיר, צושמאָלצען האָט זיך פאַר דער זון נאָר פון איר שמייכעל. אויף די הענט האָב איך זי איינגעוויגט יונג! זי איז געוועזן קליין. גאַנץ קליין, אַ פּיצינקע קינד. אויף די הענט איז זי מיר געוואַקסען גרעסער און שענער ווי עס צובליהט זיך די שיי־נע בלום אינ׳ם טאָל — מיט די הענט האָב איך איר קערפּער געוואַשען מיט אוילען און בשמים, איינגעזאַלבט אים. איר קער־פּער איז געוועזן אזוי ווייס און ווייך און צאַרט ווי אינ׳ם גאָר־טען אַ ווייסע ליליע. מיט די הענט, וואָלט עס גאָט געוואָלט פון מיר, וואָלט איך זי אין איר קבר געבעט, כאָטש ס׳וואָלט מיר ווייִ

געטאָן, שטאַרק ווײ געטאָן — אָבער, אָבער גערויבט זאָל זי מיר ווערען, די זונה פון אַ רוימישען חזר׳ניק, ווײ! דאָס וויל איך ניט! דאָס קאָן איך ניט פאַרטראָגען! (מיט ביידע הענד אַנטקעגען דעם מויער) טיניוס רופוס, האָסטו ניט מורא פאַר גאָט? טיניוס רופוס, גיב מיר מיין קינד צוריק... מיין קינד... איך פאַרגעה... גאָט, גאָט! פאַר וואָס אַזאַ ביטערע שטראָף אויף מיר... מיין קינד, מיין קינד, אַ רוימישע זונה, זונה — מיין טייערע יוכבד. די זונה פון אַ רוימישען חזיר... דאָס וויל איך ניט! דאָס קאָן איך ניט פאַרטראָגען. (נאָך אַמאָל מיט די הענט אַנטקעגען מויער).

תחה: נחמה, הער זיך צו: דער טאָג גרויט שוין אין מזרח. דיין קלאַפּען העלפט דיר גאָרניט. קום צוריק מיט מיר אין שטאָט. די שטאָט איז היינט פול מיט מיליאָנען אידען. דערצייל זיי וואָס איז געשען. אַ יעדענ׳ס הארץ איז היינט אויפגערעגט. אַנטקעגען רוים. היינט וועלען זיי דיך הערען. דערמאָן זיי דעם נאָמען פון דיין מאַן. אַ יעדער קאָן דיין מאַן. נאָר וויינינגע אין כלל ישראל זיינען גלייך צו אים אין ערליכקייט, אין פרומקייט און אין דער פרוכט פון גאָט. די וועלכע די שנאה פון רוים וועט היינט ניט ריהרען, ריהרט דער נאָמען פון דיין מאַן. זיי וועלען הערען און דיך פאָלגען. דאַן קום קיין ביציטאַ, דאָרט ווימלען מענשען ווי די מורראשקעס. דיינע פאָלגער וועלען דאָרט וואַקסען. וועננ דיך קיין בית אל. דאָרט זיינען די פון גליל, מוטיגע מענער, באַוואַנדטע מיט וואַפען, און ווילינג צו העלפען. זיי וועלען אויך מיט דיר גיין. די ווענט וואָס שטייען איצט אַזוי קאַלט און הערצלאָז ביי דיין קלאַפּען, זיי וועלען ציטערען ווי דער פיש אינ׳ם וואַסער. דיין שוואַכער קול, וואָס דערגרייכט איצט קוים צו מיר, אין די חדרי חדרים וועט עס דרינגען פונ׳ם טויבען טיניוס. קום לאָמיר גיין, נחמה. גאָט מיינער, וואָס לאַכסטו אַזוי משונה?

נחמה אָה! נאַרישע אידענע, איז אַ מענש שטאַרקער פון גאָט, און איז די זעל פון אַ בשר ודם אָנגעפילט מיט מער באַרימהערציגקייט ווי פון אים, וואָס מיר רופען אַן אל מלי רחמים? צו איז מער גערעכטיגקייט צו געפינען ביי דעם זון פון אַ פרוי, ווי ביי אים, וועלכער רעגירט די וועלט מיט צדק און משפט? און ענטפער אַליין און זאָג: איז מיין מאַן אַמאָל געוועזען דער שקלאַף פון אַ מענש? צו האָט ער אַמאָל זיך צו אַ מענשען גע־



בוקט? זיך צו אים נעבעטען? האָט ער ניט טאָג ביי טאָג, און נאַכט ביי נאַכט אין די חוקים און משפטים פונ׳ם אויבערשטען געלעבט: און השם יתברך האָט עס ניט פאַרמאַכט פון זיין גרויען קאָפּ די שאַנד אַוועקצוטאָן, האָט ניט געקענט זיין טרויסט דערהאַלטען אים. און קאָן דאָס אַ מענש טאָן? און קאָן ער עס, וועט ער עס ווילינג זיין? ניין, איך ווייס וואָס דו ווילסט. דו ווילסט מיך אַוועקנאַרען פון דאַנען. זיי ניט ברוגז? מיין ווייטאָג מאַכט מיר משוגע! ניין, ניין! איך קאָן ניט אַוועק פון דאַנען. דו אָבער גיי! גיי, דו אַליין, און רייד און זאָג: "רבי אליעזר׳ס טאָכטער, די שיינע יוכבד, איז אַ זונה, די רוימישע סאָלדאַטען האָבען זי אין מיטען נאַכט פון די אָרימס פון איר מאַמע גערויבט און איר צו אַ זונה געמאַכט„. און גיי צו אים, וואָס איז נעכטען אָנגערופען געוואָרען דער בר כוכבה, דער שטערען זון, שריי צו אים, ביזט אַ בר כזבה, אַ ליגען זון. שפּיי אים אין די אויגען, שוטשצע אים אין זיינע אויערען. דיין כלה איז אַ זונה. יוכבד, רבי אליעזר׳ס איז אַ זונה. די וואָס דו האָסט היינט באַדאַרפט אַ היים פירען צו דיין געצעלט איז היינט אַ רוימישען זעלנער׳ס זונה. טויטע חורבות קאָנסטו באַשיצען; דיין לעבעדיגען כבוד לאָזטו זיך וואַלגערען אין שמוץ. קלאַמערן זיך זיינע הענט דאַן צונויף ווי אייזערנע צוואַנגען, רעוועט ער ווי אַ פאַרוואונדעטער. גיסט זיך פייער פון זיין מויל, ווערען די אָדערען פון זיין שטערען פון צאָרן געשוואָלען, לאָך דיך אויס פון זיין צאָרן... שעפּטשע אין זיינע אויערען מיט געשפּעט: חורבות פאַר חורבות, — לעבען פאַר לעבען. דאָך באַגעגענסטו מיין מאַן, וועלכער זאָל שוין יעצט האָבען אָנגעקומען פון יבנה, וויספער פון דעם אַלעמען אים קיין וואָרט ניט. ס׳וועט אים צוברעכען זיין האַרץ! גיי! נאָר וואַרט דאָרט גייט אַ מענש. דער ערשטער אין דער מרא־שחורה׳דיגע נאַכט. הערט איר מיך פעטער נאַזאַרענער?

נאַזאַרענער: (מיט אַ לאַנגען קרייץ אין דער האַנט וואָס דינט אים פאַר אַ שטעקען.) גאָט׳ס פרידען זאָל קומען איבער אייך, און דער גייסט פון דעם ערלעזער, ישועה הנוצרי. וואָס ווילט איר ביי די טויערען פון פעסטונג, און דאָס אינ׳ם סאַמע גרויען פונ׳ם טאָג — צוויי פרויען אַליין. (באַמערקט די בלוטנדיגע האַנט פון נחמה) דיין האַנט בלוטיגט, שוועסטער, און דו בלוטיגסט. דו

ציטערסט און פלאַטערסט ווי אין אַ פיבער. וואָס וויינט איר דאָ ביי די פאַרשאָלטענע טויערן?

נחמה: דו ביזט אַ נזר. איר נזרים, זיינען באַקאַנט פאַר באַרמהערציגע מענשען. מיין מאַן גלויבט ניט אַז ישועה, דער זון פון דעם סטאָליער ,יוסף איז דער משיח פון דוד. וואָס איז דער אונטערשייד אַז איר גלויבט דאָס יאָ. אידען זיינען מיר דאָך אַלע. דו וועסט רחמנות האָבען אויף איין אָרימער מאַמע. איך בין אליעזור'ס ווייב. דו האָסט אודאי געהערט פון אים. ער איז אַ גרויסער דורש תורה, און איין ערליכער מענש, און איינער פון די צוועלף פון סנהדרין. איך בין געקומען מיט אונזער טאָכטער, יוכבד, צו דעם גרויסען יום טוב קיין ירושלים. מיין מאַן האָט באַדאַרפט נאָכקומען שפּעטער. מיר האָבען קוואַרטיר באַקומען אין בוצוטאַ. און ווי מיר זיינען אַהיים געקומען ביי נאַכט פון דער אַלטער שטאָט, די אידענע איז געוועזן מיט אונז, איז אונז אַ רוימישע מחנה באַפאַלען, און האָבען מיר מיין טאָכטער, יוכבד, אוועקגערויבט. וויינענדיג בין איך נאָכגעלאָפען, וויינענדיג בין איך געלאָפען אַזוי גיך ווי זייערע פערד. נאָר זיי זיינען פריהער אין די טויערן אריין. און איך האָב ניט געקאָנט זיי נאָך. האָבען זיי געשפּעט און גערעדט: וואַרט דאָ איבער די נאַכט, וועט זיך טיניוס האָבען געזעטיגט און דיין צניה'דיגע טייבעלע, וועט ער דיין שמאַטע פון אַ טאָכטער דיר אין דער פריה צוריקשיקען. בין איך געשטאַנען דאָ די גאַנצע נאַכט און געבעטען און געיאָמערט און מיר די הענט מיינע אין די אייזערנע שטאַנגען צושלאָגען, און קיין מענש איז ניט געקומען מיר צו הילפע. העלף מיר דו, איך בעט דיך! מיין קינד ווערט דאָרט אין שאַנד און ווי פאַרגעהען. איר נזרים זיינט באַרמהערציגע מענשען! — העלף מיר!

נאַזאַרענער: וואָס קאָן איך דאָ טאָן? וואָס? די מענשען דאָרט האָבען זיך שטאַרק אַנטקעגען גאָט פאַרזינדיגט. און ביי גאָט איז די שטראָף פון זינד. טויט.

נחמה: וואָס זיינען מיר דאָ ווערטער? דאָ מוז געהאָלפען ווערען. מען מוז מיין קינד העלפען. קלאַפּ אין די טויערען! זיינען דאָך די טויערע; ניט קיין אייזען. זיי קאָנען דאָך מוזען צובראָכען ווערען. די טויערען פון עזא זיינען געוועזן דאָך פעסטער געבויט, און שמשון האָט זיי אַרויסגעריסען און



אויף די אַקסלען איבער די בערג געטראָגען. דו ביזט ניט קיין גבור ווי שמשון, קאָנסט דאָך אָבער אין זיי קלאַפּען און זיי צובּרעכען. שטייסט נאָך אין איין ספקות? וואַרט, דו ווייסט ניט אַלעס. מיין יוכבד איז אַ כלה צו אים, וועמען רבי עקיבא האָט נעכטען אָנגערופען, דעם שטערען זון, דעם בר כוכבה. איר, נזרים, גלויבט אפשר ניט אין אים. אָבער ער איז שטאַרק און מעכטיג, און האָט ליבער זיין יוכבד ווי זיין אייגענע בלוט. ער וועט דיר איידעל באַלוינען, מעשה המלך — ער קאָן עס. שפּרינגט אריבער די טויערען. מצרים'ס טויערען זיינען דאָך געוועזן העכערע און יהודה איז אריבערגעשפּרונגען איבער זיי, ווען מען האָט אים זיין ברודער, בנימין גערויבט; און בנימין איז דאָך ניט געוועזן אַזוי שיין ווי דיין שוועסטער, מיין קינד, מיין יוחבד! — שפּרינג! דו שטייסט נאָך אַלץ? מיין יוכבד איז דאָך אַזוי שיין. וואָלסטו זי געזען, וואָלסטו מיך געקאָנט פאַרשטיין. אירע האָר זיינען אַזוי שוואַרץ ווי קויל, און פינקלענדיגער נאָך אירע אויגען. און איר קערפּער איז ווייסער ווי עלפענביין און אירע ברוסטען אַזוי צאַרט און אָנגענעם ווי די צאַרטע, ווייסע פריי־יאָהר בלומען פונ'ם טאַל. ראַטעווע זי מיר, ראַטעווע! איך שווער עס דיך צו, דיר וועל איך זי געבען, דיר פאַר אַ פרוי, פאַר דיין אייגענע ווייב. איר יונגער, וואַרימער קערפּער וועט דיינע אַלטע גלידער צוואַוואַרעמען, צוהיצען. זי וועט צו דיר זיין אַ ברייננגערין פון לעבען. איין אביגל צו איין אַלטען, פאַרגענעטען דוד. אביגל צו איר איז געוועזן אַ מכשפה, אַ מיאוסע — וואָס, דו שטייסט נאָך אַלץ? רירסט דיך ניט? שפּרינגסט ניט איבער די טויערען? צוזעצט זיי ניט אין שטיקער? דו ביזט אַ יעוונוך, דו האָסט ניט קיין לײדענשאַפט אין דיינע גלידער, דו האָסט קיין מאַרך ניט אין דיינע ביינער, דו האָסט קיין בלוט ניט אין דיין האַרץ. דו, דו ביזט אַ פאַרווייבטער מאַן, אָהן מאַנהייט, אָהן קראַפט, אַ יעוונוך. וויי איז צו אונז! מיר זיינען געווייבט צו אַ פאָלק פון יעוונוכען, פאַר'כנס'ט צו אימפּאָטענטע מענער. טיניוס רופוס. רוימיעשר חזר'ניק און רויבער, איך דאַנק דיר! דו ביזט איין אמת'ער מאַן צו מיין קינד געוועזן. דו האָסט לײדענשאַפט אין דיינע גלידער, מאַרך אין דיינע ביינער, רויטע בלוט אין דיין האַרץ. אונזערע מענער זיינען יעוונוכען, אָבער איר זיינט מענער מיט שטאַרקע, אייזערנע גופים און ווילענס. איך

דאַנק דיר ! אייערע געטער זיינען אויך שטאַרקער ווי די אונ־זערינע. זיי זיינען מעכטיג אייך צו באַשיצען. אונזער גאָט איז אַ חלשות׳דיגער גאָט, און קאָן בעפאָר די אייערע ניט שטיין. (דערשראָקען איבער אירע אייגענע ווערטער) וויי ! גאָט ! וואָס האָב איך געזאָגט ? ניין, טיניוס רופוס, דו ביזט אַ חזיר און רויבער ! גיב מיר צוריק מיין קינד ! אייערע געטער זיינען גע־צען ! אונזער גאָט איז שטאַרק און אמת... ער שטראָפט אונז פאַר אונזערע זינד... פאַר זינד... פאַר וואָס פאַר אַ.. פאַר זינד... אָבער עס איז אמת... העלפט ! (ציט זיך אויס און שטאַרבט).

ח ת ה : (וואַרפט זיך ארויף אויף איר) נחמה ! נחמה ! גוואלד ! גוואלד ! ראַטעוועט ! זי רירט זיך ניט ! זי איז טויט ! טויט !

(די זון גייט אויף. באַגיסט מיט אירע שטראַלען די סצע־נע און פעזאָנען. דער נאַזאַרענער בויגט זיך איבער דעם טויטען קער־פער.)

נ אַ ז ע ר ע נ ע ר : גאָט וועט איר פאַרגעבען. זי האָט אַ סך געליטען.

(פאָרהאַנג פאַלט און הויבט זיך גלייך אויף.)

אקט 2. בילד 2.

(אַ שטראַס אין ירושלים. בעפאַר דעם הויז פון בני ברק, וואו עס זיינען איינגעקוואַרטירט די מיטגלידער פון׳ם סנהדרין הגדול. טישען און בענק שטייען אין דרויסען. אידען, אידענעס, קינדער און אַלטע שטייען אַרום. אויף אַ באַנק שטייט אַ רוימישער איד. ער זוכט צו ריידען. די עלטערע אידען זיצען.)

ק ו ל ו ת  פ ו ן  ד ע ר  מ אַ ס ע : שטייניגט אים ! שטייניגט אים, דעם רוימער !

ר ו י מ ש ע ר  א י ד : (איבערשרייענדיג)
הערט זיך צו ! הערט זיך צו !
זייט מענשען און הערט !
לאָזט אייך גיט באַנג טאָן, וואָס איר האָט היינט זיך ניט צוגעהערט צו מיר !

ק ו ל ו ת : רייס פון זיך קודם אַראָפּ דאָס רוימישע מלבוש !
מיר ווילען ניט קיין רוימער הערען דאָ !
אַראָפּ מיט אים !



ה ע פ ט י ג ע ר ע  ק ו ל ו ת : מיר ווילען ניט ! שטיי־ניגט אים !

ר ו י מ י ש ע ר  א י ד : אָבער, ס׳איז מיין פליכט צו ריידען — הערט זיך צו !

ד ר אָ ה ע נ ד ע  ק ו ל ו ת: שטייניגט אים ! שטייניגט אים, דעם רוימער ! אַוועק !

(די מאַסע איז געוואָרען אויפגערעגטער און דראָהענד. דער רוימער צושראָקען, שטייט אָבער אין דער זעלבער פאָזיציע און זוכט אַ מעגליכקייט צו אַנטלויפען. אלישע בן אבויה קומט אָן. שפרינגט אַרויף אויף דער באַנק און שיצט דעם באַדרענגטען רוימער. ס׳איז געוואָרען שטילער. עלטערע אידען זיינען צוגעטראָטען.)

א ל י ש ע :

וואָס יאָגט איר זיך אַ דאָ ווי ווילדע חיות ?
וואָס ווילט איר פון דעם מאַן ? וואָס האָט איר אים באַדרענגט ?

אַ  י ו נ ג ע ר  מ אַ ן :

ער איז אַ רוימישער איד און אַ רוימישער פאַטריאָט
און קומט אונז זינגען הלל דאָ פון רוים.

א ל י ש ע :

זייט ווען האָט דאָס דער האָס פון רוים אַזוי געשטיגען ?
ערשט נעכטען זיינט איר דאָך ווי שאָף געשטאַנען ,
און האָט געשפּרונגען קדוש צו אַלץ, וואָס אין אייער נאָמען
ס׳האָט געמעקעט אייער לייטשאַף פון אַלעקסאַנדריען,
ענות, איבער ליב און דאַנקבאַרקייט צו רוים,
צו׳ם שיינעם און גאָלדהאָריגען משיח, אַדריאַן,
וועלכער איז ניט שיין און ניט גאָלד־האָריג,
ווייל זיינע האָר זיינען ווי פאַרגענעטע סנאָפּעס
און ער איז אפילו נמאס ווייל ער איז ניט קיין אפיקורעער
און לעבט ניט גלאַט אויף פאַרגעניגען.
אַליין זאָגט ער : דאָס גאַנצע איז דער ווילען.
ער איז אַ סטאָאיקער, און שוין דערפאַר ניט שיין.
ווייל דורך זיין ווילען לעבען איז פּראָסט עקעל.
ווייל אַ זעלכער האָט קיין אמת׳ע פאַרגעניגען.
— קיין לעבען אינ׳ם לעבען.
ער פילט זיין צייט מיט ארבייט

און עקזיסטירט דורך פליכטען — און דאס איז ניט שיין.
איך ווייס ניט צו איר פארשטייט אין גאנצען מיך.
נאר פון וואנען דער האס צו רוים ? —
האבען דאס אויפגעטאן די פאר ווערטער פון דעם נייען יהודה,
וואס הייסט גאר ניט יהודה, נאר וועלכען איך רוף אזוי,
און וועלכען עקיבא רופט אן דעם בר כוכבה,
דעם שטערען זון, און איר, אייער משיח שטערען ?
הגם איך גלויב ניט אין שטערען און משיחים.
ווייל די שטערען שטייען אימפאסיוו, דאס הייסט אומליידענד.
אהן אנטיילנעמענדיג אין אלץ, וואס עס באפאלט
דאס מענשליכע געשלעכט — און גאט אליין
איז אויך אומפאסיוו — ווייל גאט און שטערען
קאנען האבען פארגעניגען, און ווילען זיך
זייער פארגעניגען דורך אונז גארניט פארדארבען.
אזוי זאגט עפיקורעאוס דער נביא, אין וועמען איך גלויב.
און ביי אייך שטייט אויך געשריבען :
גאט האט די וועלט געשאפען טאג ביי טאג
און האט א יעדען טאג דערוואַרט א נייעם פארגעניגען.
„כי טוב" האט ער געזאגט א יעדען מארגען,
און ווען ס'האט דאס פארגעניגען אויפגעהערט,
האט ער געמאכט שבת, און רוהט, רוהט עד היום.
שעפט פון זיך תענוג — און גארניט הארט אים,
דאס איר, זיין אתה בחרתנו פאלק, די זעהענדע
שוידערט צוריק ביים ברעג פון א ברויזענדיגען ים.
און פאר ווילדע כוואליעס וואס טוען ארום אייך שטורמען.
נאר פון וואנען אייער אויפרעגונג — כעס איז עבודה זרה,
וואו קומט דא דאס בעפאלען פון אן אייגענעם ברודער,
מיט שטעקענס און שטיינער ווי ווילדע ערלים ?
פאר וואס ערלויבט איר אים ניט זיין ווארט צו זאגען ?
איז ער קיין ברודער שוין צו אייך ניט מער,
ווייל ס'דעקט זיין שאנד היינט צו די רוימישע טאגא ?
די זעלבע טאגא, וועלכע איר האט נעכטען פארגעטערט ?
א י י ן  א ל ט ע ר  א י ד :
הער זיך צו, רבי ! מיר האבען דיך געדולדיג אויסגעהערט,
כאטש דעם אמת געזאגט, האבען מיר ניט דיך אין גאנצען פאר־



שטאנען,
מיר ווייסען, דיינע וועגען זיינען פרעמדע און לעסטערסט אפט
וואס איז אם היילינסטען צו אונז. דאך, באקאנט איז אונז דאס
אויך :

דיין מוח איז אנגעטרענקט מיט'ן ווארט פון גאט,
און דערפאר האבען מיר זיך אויפמערקזאם צוגעהערט.
דו האסט ניט מיט גערעכטיגקייט גערעדט.
קיינער פון אונז האט רוים ווען ליב געהאט.
מיר האבען געשוויגען, ווייל מען האט אונז די צונג פארהאלטען,
און אונזערע קולות האבען זיי זאדרושעט,
און האבען אונזערע ליפען צוגעשלאסען
אפילו ווען אונזערע קישקעס האבען געפלאצט מיט ווערטער —
כעס איז עבודה זרה — נאר ווען אין גערעכטען כעס
האט מתתיה דערשטאכען מיט זיין מעסער
דעם פאלשען כהן, איז דארט זיין כעס
א פינגער פון גאט געווען, האט דארט זיין כעס
א פאלק אויפ'ם ניי געבוירען.
וואס וויל דער רוימער מיט זיין גלאטער צונג דא ?
וויל ער מיר זאלען זיך בוקען מיט הלל צו רוים ?
און שטעלען איר געץ אינ'ם הויז פון אונזער גאט ?
דאס קאן און וועט קיינמאל, קיינמאל ניט זיין.
צו וויל ער מיר זאלען היינט כבוד אפגעבען צו טיניוס,
דעם רויבער פון אידישע לעבענס און אידישער אונשולד
וועלכען, ווי ס'טראגט זיך א קלאנג, האט נעכטען ערשט
גערויבט צו זיין תפיסה די טאכטער פון רבי אליעזר ?
צו רויבערס און שענדערס פון אונשולד,
בוקט זיך נאך ניט קיין אידישער רוקען.
זאל ער זאגען, וואס וויל ער פון אונז !
ר ו י מ י ש ע ר  א י ד :
איך וויל איר זאלט געדולדיג זיך צוהערען !
ניט איבערדרייען מיינע ווערטער נאך אייערע הערצער.
א  י ו נ ג ע ר  א י ד :
ביזטו ניט געקומען אין אונזערע געצעלטען ?
האסטו אונז ניט פארצעהלט די מעלות פון רוים
אונזערע אייגענע חסרונות ? האסטו ניט גערופען

פאַרעטערס אַלע יענע, וועלכע שטייען אַנטקעגען דעם ווילען פון
רוים ?

ר ו י מ י ש ע ר  א י ד :

פאַר וואָס ווילט איר מיך דוקא מיספאַרשטיין ?
כ'האָב ניט געמאַכט רוים פאַר'ן לעמעלע פון גאָט.
מיין פאַרברעכען איז, כ'האָב גערעדט צו אייערע מוחות,
ניט צו אייערע הערצער. כ'האָב אייך פאַרציילט,
דאָס אומבאַוואוסט זיינט איר, היינט אייער פאָלק'ס פאַרעטערס :
כ'האָב אייך רעפּעטירט דעם פאַקט,
דאָס דאָס לאַנד פון אייער אומה
העבט זיך היינט ניט מער אָן אין דן,
לאָזט זיך ניט אוים אין באר שבע.
ווי ווייט ס'שטרעקט זיך היינט דאָס רוימישע רייך,
אַזוי ווייט און ווייטער שטרעקען זיך היינט אונזערע גרענעצען.
ניט מער דער קליינער ארץ ישראל שטח
הייסט אונזער פאַטערלאַנד היינט — אומבאַגרעניצט
און אומבאַשיצט איז היינט די היים פונ'ם איד.
אומבאַפעסטיגטע ליגען צען טויזענדע, מיליאָנען
פון אונזערע ברידער צווישען דעם פאָלק
אַנטקעגען וועלכען איר האָט זיך היינט דערהויבען.
און כאָטש איר שטייט דאָ היינט אין מיליאָנען,
איז אייער צאָל גאָר קליין — איר טאָרט עס ניט
מיט היציגע מחשבות און בלוטענדיגע הערצער,
דעם אחריות אויף זיך שלעפען פון די לעבענס
פון די טויזענטער און מיליאָנען פון אייערע ברידער,
וואָס האָבען דאָ קיין שטים ניט צווישען אייך.

י ו נ ג ע ר  א י ד :

אָבער שטייען מיר ניט פאַר דעם, וואָס איז גערעכט ?

ר ו י מ י ש ע ר  א י ד :

וואָס רעדט איר דאָ פון רעכט און אומגערעכט ?
דער רוימישער סאָלדאַט פרעגט ניט, גערעכט צו ניט ?
ער קלאַפּט — ס'הייסט אויסהאַלטען צו ניט ?
און רוים איז גרויס און שטאַרק,
און מיר זיינען קליין און שוואַך
צוברעקעלטע און צוריסענע אין אַלע טיילען פון דער וועלט,



אַ קליינער אָפּגעריסענער טייל.
אָהן וואָפען און אָהן מענשען און אָהן פעסטונגען...

אַ ל ט ע ר  א י ד :

און גאָט איז טויט ?

א ל י ש ע :

אַה, נאַרישקייטען ! וואָס רעדט איר דאָ פון גאָט ?
אַליין האָב איך געזען אַמאָל געהענדיג דורכ'ן פעלד
אַ זון זיין פאָטער שלאָגען, צובלוטיגען אים
און שלעפּען אים צום ראַנד פון אַ טיפען גרוב.
עס האָט דער צווייטער זון פון ווייטען דאָס באַמערקט,
און איז געלאָפען צו דעם פאָטער העלפען.
האָט ער פאַרטשעפּעט זיך אין אַ געשטרויך
און איז אַ טויטער אין דעם טיפען גרוב געפאַלען.
מען זעט אַ פּרוש, וועלכער האָט געדאַווענט און געשאָקעלט זיך
די גאַנצע צייט, אַוועקגיין פון דער סצענע.)
איך האָב דאָס שוין אייך געזאָגט, גאָט איז אומפּאַסיוו.
גאָט האָט נאָך זיין זיבעטען טאָג ניט אינגאַנצען אויסגעשלאָפען.
אַ סך פון אייך דערמאָנען זיך דעם טאָג
אַ תהום מיט יאָרען, דאַכט זיך, איז דאָס שוין,
אָבער, צוריק ערשט מיט אַ זעכציג יאָר
איז אויף יענעם באַרג דאָס הויז פון גאָט געשטאַנען.
העראָד, וועלכער האָט פאַרשטאַנען גריכישע קונסט,
העראָד האָט עס געבויט מיט געשמאַק
און אמת'ע שיינקייט — כאָטש לעבען ווי אַ מענש,
דאָס הייסט ווי אַנ'עפּיקורער האָט העראָד ניט געקאָנט —
דאָס הויז אָבער איז געווען שיין. העראָד'ס טעמפּעל
איז געווען שענער פון דעם טעמפּעל פון שלומה.
האָט גאָט געשטערט טיטוס'ן ער זאָל דאָס הויז פאַרברענען ?
צו האָט גאָט פאַרהאַלטען די צונגען פון די פלאַמען
זיי זאָלען ניט פאַרצערען זקונות און קליינע קינדער.
דערפאַר זאָג איך אייך : פאָלגט עפּיקורעאוס !
עפּיקורעאוס לערענט : איז דאָ אַ גאָט,
מישט ער זיך ניט אין די אַנגעלעגענהייטען פון די נארישע מענשען.
אויפ'ן הימעל לעבט ער זיך אַ צופרידענער,
און צו מענשען האָט ער געזאָגט : ווייַן, ווייבער, געזאַנג

דאָס איז דער תוח פונ'ם לעבען. מלחמה איז צער
און נויט און וויי און ליידען. און גאָט גלוסט זיך ניט
מיט די זאכען זיך אָפצוגעבען, וואָס זיינען אומאנגענעמע.
א חוץ איז דאָס דער גאָט פון וועלט אייערער
אויב ער רעגירט זי, גאָרניט קיין גאָט פון יושר.
אויב יאָ, פאַר וואָס די גדלות פון רוים ? — איר מאכט —
פאַר א וואָס מוזען מיר עס, די אויסגעוויילטע זיינע,
בוקען זיך אונטער'ן יאָך פון די ערלים,
לעקען די שטיוועל פון די אומגלויבינגע ?

(דער פרוש, וועלכער איז פריהער אַוועקגעגאַנגען קומט צוריק. שלעפענדיג נאָך זיך אַ זונה.)

פרוש:

אויף די קשיות וועל איך אחר ענטפערען :
קוקט איר אַלע, און זאָלען עם אייערע אויגען אייך מודעה זיין :
די, וואָס שטייט איצט פאַר אייך איז א זונה —
אירע באַקען זיינען געפאַרבט היינט מיט א פאַלשען רויט,
אירע אויגען ווינקען מיט זינד,
אירע ברוסטען זיינען קוואַלען פון אַן עקעלער תאוה.
דאָך האָב איך געוואוסט א צייט,
ווען די באַקען אירע האָבען זיך גערויטעלט מיט'ן רויט פון צנוע'שאַפט.
ווען אירע אויגען האָבען געקוקט אַזוי אומשולדיג און זאַנפט
ווי די אויגען פון א גאַזעלע.
ווען אירע ברוסטען האָבען ערוועקט אַזוינע מילדע געדאנקען
ווי די ברוסטען פון א טויב.
דאַמאַלט איז זי געווען מיין פרוי
און איך בין געווען איר מאַן.
האָט דער יצר הרע זי אַרומגעכאַפּט,
און זי האָט זיך פאַר מיין בעט פאַרזינדיגט.
האָב איך זי פון מיין הויז פאַרטריבען,
מיט שטעקענס האָב איך זי פון מיין הויז פאַרטריבען,
און ביי איר געוויין האָב איך זיך צולאַכט,
און פון איר געבעט האָב איך זיך אויסגעשפּאָט.
און פאַר איר צער האָב איך קיין רחמנות ניט געפילט,
און פון איר שווערע תשובה האָב איך מיין אויג אָפּגעווענדעט,



ווייל פון איר האָט די זונה'שאַפט געשטונקען.
האָט זי זיך א זונה אויף די וועגען געשטעלט,
און האָט איר לייב פאַר א פרעמדענס תאוה פאַרקויפט.
אַזאַ זונה איז געוואָרען דאָס פאָלק ישראל.
מיט פרעמדע געטער איז זי אויף די בערגער און טאָלען געלעגען.
און האָט דעם גרימצאָרן פון השם ישברך מיט פוילער זינד דער־וועקט.
אַזוי איז זיין צאָרן אויסגעגאַנגען ווי א פלאַם פייער,
און ער האָט די מעשים טובים פון זיין פאָלק צו מעשים רעים געווענדעט
זייער שיינקייט געמאַכט פאַר אַן עקעל,
זייער עבודה צו א לעסטערונג פונ'ם אל בורא,
זייערע מצוות צו עבורות,
און מיט שווערע ליידען האָט ער זיי באַשווערט :
זיינען מיר געגאַנגען דעם וועג פון דער זונה :
ניט צו אַן ערליכען טויט ניכער ווי צו א לעבען פון שאַנד אין לעסטערונג ? —

מיר האָבען געוויינט און געיאָמערט,
נאָר אונזערע באַקען האָבען מיר זיך אָנגערויטעלט און גע'חנפה'ט
און זיינען געקראָכען צו געפעלען פרעמדע געצען.

(ס'הערט זיך אין א פייערליכען טאָן די שטים פונ'ם נאַזאַרענער. דאָן ערשיינט א מטה געטראָגען פון צוויי אידען. אונטער זיי חתח וויינענדיג. אויף דער מטה ליגט נחמה רבי עליעזר'ס.)

נאַזאַרענער פון אונטער דער סצענע:

איך בין די אויפערשטעהאונג און דאָס לעבען !
איך בין די ערלעזונג און דאָס ליכט, זאָגט דער הער !
אין מיר שטאַרבט איר און ווערט געבוירען !
אין מיר זינדיגט איר און ווערט אויסגעלעזט !
איך גיב און איך נעם !

(טיפע שטילקייט האָט אַלעמען אַרומגענומען. נאַזאַרענער טרע־טענדיג צום פאָדערגרונט.)

די זינד פון די פאָטערס ווערען גערעכט אינ'ם צווייטען און דריי־טען געשלעכט.
ווען וועט איר, שוואַכע מענשען, אויפהערען צו זינדיגען ?
קערט זיך אום, איר זינדיגע, פאַרלוירענע שאָף !

זוכט שלום אין דעם גייסט פון אים, וואס איז נעקומען אייך ער־
לעזען.
מאכט ניט דעם ברית פונ'ם האר א ברית פון לינטע און פלייש.
זוכט ערלעזונג אין דעם היילינען גייסט און אייער לידען וועט
איין ענד נעמען.
לעבט און דעם פאטער פונ'ם הימעל, און אייער לעבען וועט זיין
איין אייבינע.

ר ב י א ל י ע ז ר : (קומט צולויפען)

מיין קינד, מיין קינד! מיין פרוי!
מען האט מיר געזאגט, איך טרעף אט דא מיין פרוי.
(ער דערזעהט די מטה, דערנעהנטערט זיך צו איר מיט גרויס שמערץ. די עלטסטע פונ'ם סנהדרין זיינען ארויסגעקומען פון דעם הויז פון די בני ברק. שטילקייט.)

מ נ ש ה ד ע ר א ס א נ י ט :

וואס שטייט איר דא, און זיינט זיך דאס מטמאה?
אוועק דו זינדיגע פאלק, צום מדבר אוועק!
טובל'ט אפ אייערע זינד אין די וואסערען פונ'ם ירדן,
דאן וואשט זיך ריין און לעבט צו גאט אין דער מדבר.

ר ב י מ א י ר :

ס'ארא צער!
ס'ארא גרויסער, אנגעוועהטאגטער און פארשאלטענער צער דאס
איז!
דא שטייט א פאלק פון נויט און עלענד צעריסען,
פון הונגער, דורשט און פיין, איין עלענדע פאלק
פארפיהרט, פארבלענדט שטייט עס פון פאלשע ליכטער,
וואס צינדען אין זייער הארץ א טויטענפייער
וואס שרפה'ט און ברענט, און בלענדט און לאזט ניט זען.
דעם שרעקליכען תהום פאר וועלכען מיר שטעהען.
(צו די אנשי סנהדרין.)
וואס שטייט איר דא און קוקט? — א וועג!
ווייזט אונז א וועג ארויס פון דעם ברענענדיגען חושך! —
א וועג!?

ר ב י ע ק י ב א :

דעם וועג טרעפסטו אין דיר.



מ נ ש ה ד ע ר א ס א נ י ט :

די מדבר, זאג איך אייך, די מדבר.
אוועק פון די טויטע, פאלגט מיינע טריט!
ווארפט אפ פון זיך דאס ווייב, וואס איז זינד —
אין דער מדבר — זייט אייך ניט מטמאה פאר גאט.
אוועק (מיט שוידער) אא איז נא דא טויטע!
(לויפט אוועק. בר כוכבה שטייט אינ'ם הינטערגרונד. ער טראגט אויפ'ן אקסעל דעם קערפער פון א טויטע מיידעל. אלע האבען מיט א שטומען גרויען פלאץ געמאכט. בר כוכבה קומט מיט א פאר פעסטע טריט צום הינטערגרונד. ווארפט דעם טויטען קערפער אויף א טיש. פויזע.)

ב ר כ ו כ ב ה : (נאכשרייענדיג דעם אסאניט.)

עה, וואו אנטלויפסטו אסאניט — דאס איז ניט קיין טויטע.
דאס איז א לעבעדיגע (קוקט ארום) יא, א לעבעדיגע!
(רבי אליעזר האט ביי בר כוכבה'ס שטים דעם קאפ אויפגעהויבען. ער זעהט דעם טויטען קערפער פונ'ם מיידעל אויפ'ן טיש. שפרינגט צו.)

ר ב י א ל י ע ז ר :

מיין קינד, מיין קינד, מיין טייערע יוכבד!

ב ר כ ו כ ב ה (האלט אוועק רבי אליעזר מיט דער האנט.)

גיי אוועק, אלטער, דאס איז ניט דיין קינד.
דאס איז געוועזן דיין קינד.
דיין קינד איז געוועזן מיין כלה, מיין יוכבד, מיין שטאלץ.
דיין קינד, מיין כלה, האט זיך פון די מויערען פון דער אנטאניא
אראפגעווארפען.
דיין קינד, מיין כלה איז טויט.
בין איך דארטען פארבייגעגאנגען און האב אויפגעהויבען די זונה'־
שאפט פון מיין פאלק.
און די זונה'שאפט פון מיין פאלק ישראל לעבט.
כ'האב זי אויף מיין אקסעל גענומען,
ניט געוואלט איך לאזען אין א פארווארפענעם ווינקעל.
אויפ'ן אפענעם מארק האב איך די זונה'שאפט פון מיין פאלק
געוואלט ברייננען.
ווייל כ'האב צו זיך אליין גערעדט:
"די זונה'שאפט פון מיין פאלק זאל ניט זיין מער קיין בארעקטע,

"קיין באהאלטענע זאל זי מער ניט ליגען.
"אן אפענע, א נאקעטע זאל זי שטיין אויף די גאסען.

(רייסט אפ די קליידער פונ'ם מת.)

"איין אומבאדעקטע זאל זי ליגען צווישען איר פאלק.

(רייסט אפ מער)

די שאנד פון ישראל זאל ליגען צווישען אייך א נאקעטע!

(צורייסט דאס קלייד אין שטיקער)

און איר, וואס קומט פון מזרח און פון מעריב,
און איר, וואס קומט פון צפון און פון דרום — זייט עדות
דאס לעצטע צוריסענע שאנד קלייד פון מיין פאלק.
צוזעה איך היינט, צושפריי איך צו די ווינטען:
מאך איך איין עק צום שאנדקלייד פון מיין פאלק.

(באמערקט די זונה, וועלכע שטייט לעבען פרוש מיט'ן קאפ גע־
בויגען, וויינענדיג)

וואס וויינסטו קעצעלע, פאר'ן מיאוסען קלייד?
א נייע כבוד קלייד וועלען מיר היינט שפינען.
שא, זיי ניט טרויעריג היינט — נו לאך!
איך קאן היינט לאכען, אה, אה, אה, אה, אה!
מיר גלוסט זיך היינט צו לאכען! —
קום אין יענעם געצעלט און מאך מיך פרעהליכער נאך.
אין יענעם געצעלט ווארט אויף אונז א חופה בעט.

(שלעפט די זונה נאך זיך צורייזדענדיג זי)

האסט מורא, קעצעלע, קום איך וועל דיך באלוינען,
פיינע, עדעלע שטיינער —
און א סך רויטע גאלד וועל איך דיר געבען.
דיר אידישע זונה אין זיידענע קליידער,
אין קלינגענדיגע גלעקלאך.

(ער האט זי ארויגעפירט אין געצעלט. ס'הערט זיך זיין קול)

און פיינע ווייגען, וועלכע וועלען דיך פאר'שכור'ן.

(א מורא'דיגער געשריי פונ'ם געצעלט. אלע בלייבען פארשטומט.
בר כוכבה'ס שטים אינווייניג פונ'ם געצעלט.)

אה, האב ניט קיין מורא!
שיינע, ריינע אידישע זונה!
וואס ציטערסטו?
וואס ווארפסטו זיך אזוי?



אומזיסט, אומזיסט!
שטעקסט שוין ארויס די צונג.
ביזט מיאוס אזוי!
ביזט ברוין און בלוי!

(מען הערט א פאל. בר כוכבה קומט ארויס פון דעם געצעלט
שלעפענדיג דעם קערפער פון דער זונה. לאכט ווי משוגע)

זי איז טויט!
אזוי וועלען שטארבען די זונות פון ישראל.
די זונות פון מיין פאלק דערווערג איך פון איצט אן,
מיט מיינע בלויזע, מיינע אייגענע הענט.

(קוקט זיך ארום, אלע שטייען דערגריפען פון א טיפען שוידער.
בר כוכבה לאכט ווילד אויף.)

אה, אה, אה, איר שרעקט זיך אפ פון מיר, רבותי?
יא, דאס האב איך אויף איין מאל אויך געטראכט —
מיר זיינען דאך אלע, אלע אזעלכע קליינע, מיאוסע, לעבענדיגע
טויטע זונות!

(פארהאנג פאלט)

אקט 3.

# דאָס ווירקען פון אונזערע אַלטע

צייט: די ערשטע פּסח־נאַכט.

בילד: אין דעם הויז פון די בני ברק. שטייען אָנגעלענט אויף זייערע שטעקענס די ברידער ברק, ר' עקיבא, ר' יוסף, ר' ישמאל, בן אלישע, שמעון בן גמליאל, ר' ישמאל הנשי, חנניה בן תרדיון, ר' חצפית המתרגמן, ר' יושבי הסופר, אַליעזר בן שמוה, ר' יהודה בן כבה, ר' התרפון און ר' יהדה העתים. זיי זיינען נאָר וואָס פאַרטיג געוואָרען מיט דער סעודה פון דער ערשטער פּסח נאַכט, וועלכע זיי האָבען נאָכ'ן יעמאָלדיגען געברויך, געגעסען מיט'ן שטעקען אין דער האַנט, אָנגעגרייט ווי צום וויטערדיקען גיין.

ר' ישמאל (גייענדיג צו צום פענסטער.)

קלאָר איז די נאַכט ווי פריהער טאָג,
דאָך פון די בערגער זעט זיך נאָך ניט קיין צייכען.

ר' יהדה בן דמה: (אַרויסקוקענדיג פון צווייטען פענסטער)

און פון דער שטאָט פאַרבט זיך דער הימעל רויט.

ר' שמעון:

אומרוהיג איז דאָס פאָלק; מיר שרעקט דאָס האַרץ זיך.

ר' יהודה בן בבה:

און מיר, מיר איז גלייך ווי דעם גערטנער, וועלכער
האָט זיך געפלאַנצט אַ צאַרטע פריהלינגספלאַנץ,
אים שרעקט דער קאַלטער מאָרגען טוי,
ס'זאָל ניט דער'הרג'ענען אים זיין צאַרטע פלאַנץ.

ר' חצפות:

(זעצט זיך אַנידער אויף אַ שטול, באַטראַכט זיין שטעקען.)

מיר האַלטען נאָך די שטעקענס אין האַנט,
אַלס צייכען פון בטחון, פון אָנלעניכץ זיך אין גאָט.





אין צייט פון נויט און מורא'דיג שטייען מיר
בעפאָר דעם ווערק, וואָס מיר האָבען
געבויט היינט אין גאָט — (הויבט אויף זיך) וועמעס האַרץ
איז פון ספוקות דערפילט אין מיטעננאַכט פון פּסח?

(אַלעס איז שטיל. ר' עקיבא האָט זיך אויסגעשטרעקט אויף אַ זאָפאַ. פון צייט צו צייט גייט איינער אָדער דער אַנדערער פון די רבנים צום פענסטער צו אַרויסקוקען נייגעריג, ווי ערוואַרטענדיג עפּעס צו זעהן.)

ר' עקיבא:

רבותי, זאָג איך אייך, דאָס וואָרט מסבן
איז ניט ריכטיג פאַרשטאַנען. קען איינער זיך
אָנלעהנען אויף אַ שטעקען און זיין אָנגעלעהנט?
ניין, אויפ'ן דיוואַן צוציהען זיך אַזוי ווי איך
פיהלט זיך שוין אַנדערש. דאָ ליגט זיך איינער
פריי און פראַנק און פיהלט גאָט'ס שלום אויף זיין האַרץ אַראָפּ־
שטייגען

פיהלט ניט געיאָגט זיך ווי אַ ווילדע חיה.
אַזוי פאַרשטיי איך ערשט דאָס וואָרט מסבן.
לאָמיר דאָס מאַכען פאַר אַ דין, רבותי:
דעם חג של פּסח פייערען מיר ניט מער מיט שטעקענס אין האַנט.
אויף ווייכע קישענס אָנגעלעהנטע וועלען מיר אים פייערן.
מיט הערצער ניט געשפּאַנטע ווי אַ בויגען,
וואָס רייסט אין יעדער זעהן, וואָס האַלט צונויף אים
זיך צו צושפּרינגען ביי דעם גרינגסטען טשעפּ.
זאָלען שטילע און רוהיגע זיין די הערצער אונזערע,
ווייל, ווער'ס פייערט דאָס פעסט פון איין ערלעזונג,
פייערט דאָס פעסט פון שלום. רוה, רוה נאָך טעג פון מוטשעניש,
טעג פון שקלאַפעריי, און אין דעם שלום פונ'ם גייסט
זיינען מיר מקיים דעם שלום פון גאָט'ס יום טוב,
ווייל אין דעם שלום שוועבט דער גייסט פון גאָט.

(פויזע.)

באַדויערט האָב איך, און מיך האָט געשמערצט
צו זעהן אין רוים און אין אַלעקסאַנדריען
די גלויבענסברידער אונזערע, ווי זיי רופען זיך,
אונזערע קאַרעליניאַנעס... געיאָגט ווי שעפּסען

פון איין אָרט צום אנדערען, געטריבען פון דער מורא
פאַר א יעדער גריל פון א רוימישען מעכטיגען,
זיינען זיי נתפעל געוואָרען פאַר דער נייער זון,
וואָס איז זיי אויפגעגאַנגען אין אדריאַן,
און אין די שטראַהלען פון די עדיקטען זיינע
האָבען זיי געשיינט אינ"ם גלאַנץ פון פרישע הייליגע.
אין התלהבות זיינען זיי איבערגעגאַנגען,
פארשיכור'טע, ווי פון נייעם ווייַן.
פרייהייט און ברידערליכקייט האָבען זיי געליאַרעמט.
און אינ'ם טומעל פון די נייע געפיהלען
האָבען זיי געשאַפען זיך א נייע געטהייט,
א נייעם גלות'דיגען נשמה געץ,
וועלכער האָט געזאָלט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון השם יתברך.
דער נייער געץ האָט געזאָלט זיין איין איינזייטיגע נשמה מאַכט
וועלכער רעזידירט איינציג אין די מענשליכע געפיהלען,
וועלכער וויל פאַר זיך עראָבערען די וועלט פון נשמות,
ווי ס'עראָבערט למשל זיך רוים די וועלט פון די גופים.
און די נביאים פון דעם נייען גאָט
זיי טראָגען א שמייכעל אויף די ליפען זייערע,
ווי ס'שמייכעלט ברידערליך חברי נצרים.
און ווי דער געץ פון די נצרים
איז ער איינגאַנצען נשמה. מען קען אים ניט אָנזעהן,
ניט אָנטאַפּען, ניט אָנהערען, און וואָס מער ס'וואַקסען דיר
די דאַזיגע חושים, אַלס קלענער און אָנמעכטיגער
ווערט די גאָטהייט, און דאָס, זאָגען זיי,
איז דער בייטענדיגער גאָט פון בני ישראל.
"איר בלינדע„ האָב איך צו זיי געשריהען,
"איר זייט מחלל השם. וואו שטייט געשריבען,
"דאָס דער גאָט פון ישראל איז גלאַט א גאָט פון פיהלען,
"און ניט פון האַנדלען, פון גאַלע טוגענד,
"און ניט אויך פון זינד, פון גאַלע בלינדקייט,
"און ניט פון ליכטיגען זעהן? — אמת און קלאָר
"הערשט יהוה צבאות און איר זיינט שקר מיט א פאַלשען שיין,
"וואָס לאָקט אייך אויף א פאַלשען וועג אוועק,
"פון ברידער, לאַנד און גאָט און פון אייער איינענעם זיך.



"ווי קענט איר מיט'ן שטעקען אין דער האַנט, זיך יאָגענדיג,
"שרייען: גאולה, פרייהייט, ליבע האָבען מיר געפונען.
"דעם דורשט פאַרבייט איך אויף דעם רוישענדיגען קוואַל.
"ניט אין דעם רעש פון א נע ונד'ען לעבען וואוינט גאָט,
"גאָט וואוינט אין דער זאַנפטער, צופרידענער שטיל פונ'ם געפינען.„
דאָך ניט דאָס וואָרט וואָלט איך געקענט זיי געבען
דעם פרידען פונ'ם געפינען,
די שטילקייט פון א בליהענדיגען ווייַנגאָרטען,
דעם שאָטען פונ'ם פייגענבוים צו רוהען,
זיי וואָלטען זיך אין גאָט גיכער געפונען. (גייט צו צום פענסטער)
יאָ, פרידען. איך דערמאָן זיך,
דאָרט איבער יענע בערגער, וואָס צייכענען זיך אָפּ דאָ
אין דער בלויקייט פון דער לבנה נאַכט,
דאָרט האָב איך אַלס א פּאַסטוך פון קלבה שבועה שלום געקענט.
ס'איז געווען דער שלום פונ'ם בוים, וואָס פרובטעט
מיט זיסקייט אין דעם רייכטום פונ'ם זומער,
וואָס העבט זיין קרוין פאַר'חלום'ט אין די קלאָרע שאָטענס פון דער לבנה נאַכט.
יעמאָלט האָב איך דעם שלום געקאָנט פון דער חיה,
דער בענקענדיגער, דער ניט געיאָגטער,
און האָט זיך ענטפּלעקט צו מיר, ווען דאָס ציהען און טרייבען פון דער מענשליכער וועלט,
האָב איך אייך באַדויערט.
איך האָב אייך באַדויערט, ווייל איר זיינט געווען צו מיר אומגליקליכע,
אייך האָט דער פרידען פון דער בלום און דעם פעלד ניט געבליהט.
אייך האָט ניט געקלונגען די בענקענדיגע תפלה פון דעם קליינעם גרעזעל
פונ'ם ווינד פאַרוויטערטען.
אייך האָט ניט דערגרייכט דער ליכטיגער הלל פון דעם נאָהנט־ווייטען,
קיינמאָל צו דערגרייכענדען, קרישטאָל־בלויען הימעל.
און וואָס איז געווען צו אייך די זון, די שטערען, די לבנה —
בלויז ליכטער אפשר פאַר בייטאָג און נאַכט.

און וואָס דאָס צופרידענע, אומבעפרידיגטע באַגעהרען,
וואָס רעגט זיך אין דער ברוסט פונ'ם עם הארץ?
דעמאָלט בין איך געווען אויפגעבראַכט אַנטקעגען אייך, רבותי,
די חכמים.
דעמאָלט בין איך געווען ברוגז אַנטקעגען אייך,
ווייל איר האָט געמאַכט פונ'ם גאָט פון שלום אַ ניט צולעזענדע
פּראָבלעם;
אַ רעטעניש פון זיין תורה, וועלכע איז דאָך געווען אַזוי איינפאַך
און קלאָר און פאַרשטענדליך.
איך האָב אייך געזעהן ברענען ווי אַ ברענענדיגען בוש,
אָבער דאָס וואָרט פון גאָט האָב איך אין דעם בוש ניט געהערט.
די געשטאַלט פון גאָט האָב איך אין דעם בוש ניט געזעהן.
ערשט שפּעטער. ווען אין מיין הארצען איז אויפגעגאַנגען דאָס ליכט
פון אונצופרידענהייט,
פון איין אונערפילטער בענקשאַפט,
האָב איך דערקאַנט די געטליכקייט פון דער אונצופרידענהייט
מיט זאַכען, ווי אַזוי זיי זיינען,
פונ'ם גרעסערען שטרעבען נאָך אַ העכערען זיין;
די אונפערצעהרטע קראַפט פונ'ם בעל דורש,
און האָב געטראָפען אין דעם אונצופרידענעם יאָגער
דעם אמת'ן רודף לשלום. נאָר אינ'ם זוכען איז פרידען.
(ער גייט צו צו דער טיר און עפענט זי. אַ רויטער שיין, ווי
דער אָפּשיין פון אַ שרפה איז זיכטבאַר און ס'הערט זיך ווי געשרייען,
געדעמפט פון דער ווייטקייט.)
עקיבא (ווי אויבען)
אומרוהיג איז דער דרויסען, שיין איז די נאַכט.
רבותי, לאָמיר זינגען צו די שלום גייסטער! (זיי זינגען)
שלום עליכם,
מלאכי השרית
מלאכי עליון
ממלך מלכי המלכים,
הקדוש ברוך הו.
(פון דרויסען הערט זיך דאָס קול פון אלישע בן אבויה זינגען:
קיריע דיאָניזאָס!
קום צוריק, דיאָניזאָס!



אלישע בן אבויה אָנגעטאָן ווי אַ באַכאַנט מיט אַ כאָר פון באַ־
באַנטקעס ערשיינען ביי דער אָפענער טיר.)
אלישע (אריינקומענדיג)
מיר גריסען אייך, איר פריילינכע באַכאַנטען!
מיר פייערען היינט צוזאַמען דעם פריהלינגס יום טוב,
און אונזערע כוסות פילען מיר ווי איר אייערע.
(גייט נעהענטער צו צו רבי עקיבא.)
איי, רבי עקיבא, דיר האָב איך עס שוין לאַנג געזאָגט:
צי דו גיבסט עס צו, צי ניט, — דער תוך פונ'ם לעבען
איז סוף כל סוף תענוג, און אַלע געטער זיינען אפּיקורסים.
יהוה האָט ליב סעודות און געזאַנגען,
באַכוס האָט ליב וויין, ווייבער און געזאַנגען.
דערפאַר זיינט איר בכבוד'יגע רבנים, חכמים מיט ווייסע בערד,
און איך אחר, דער דבר אחר, דער אויסגעלאָזענער,
צו וועלכען קיין גוטער איד געפינט עס ניט פאַר ווערט
אַ וואָרט צו ריידען. פאַרשטייסט דעם קל וחומר דאָך, עקיבא,
קוק דו אליין, און הער און זאָג: זיינען מיר ניט אַלע אפּיקורסים?
זעסטו דעם פלאַם, וואָס ברענט אין מעריב זייט,
ס'איז ניט דער פלאַמענדיגער אויפגאַנג פון אַ פאַרקעהרטען טאָג.
ס'איז ניט דער פלאַם פון אַ פאַרפריהטער נאַכט,
דאָרט שפּאַנט דער מלאך המות היינט ארום
און צינדט איין אַלץ פאַרצעהרענדען, וויטהענדיגען פלאַם,
מיט הענט, וואָס טריפען פון בלוט.
רוימישע סאָלדאַטען מיט געניטע, שפּיציגע וואָפען,
האַלב משוגע'נע ווייבער, מענער און קינדער,
מיט קרעמפּענדיגע הענט און פלאַמענדיגע אויגען,
פערד, וואָס טרעטען אינ'ם מענשליכען בלוט ביז צו די קנעכעל
ער, וואָס דו האָסט אָנגערופען בר כוכבה,
לויפט, ווי אַ מלאך גבריאל מיט'ן פלאַמענדיגען שווערד — אַ
שרעקען!
הערסטו די דערשטיקטע געשרייען, וואָס קענען דיך ניט דערגריי־
כען?
זיי זיינען ניט קיינע הלל'דיגע קולות!
זיי זיינען די גסיסה־געשרייען פון הונדערטע מענשען, וואָס פאַר־
גייען.

אומזיסט האב איך צו זיי גע'טענה'עט און געזאגט:
הערט אויף. און הערט זי צו:
קורץ איז דאס לעבען
און דער תוך פונ'ם לעבען איז פארגעניגען, זאגט עפיקורעוס,
און רויט בלוט פארגיסען איז ניט קיין פארגעניגען.
ווי אזוי וועט איר קענען זאגען איר האט געלעבט?
מיינע ווערטער האבען ניט געהאלפען.
זיי האבען זיך ניט געקלייבט צו זיי.
האב איך דערמאנט זיך פונ'ם ווייז, וואס ווינקט פון איין אנדע־
רען רויט,
פון האלב נאקעטע ווייבער און געזאנג,
און פון דער לבנה, וואס האט פאר'כישופ'ט געשמייכעלט,
און פון די ווייכע ווארימע שאטענס פון דער פריהלינגס־נאכט,
און פון די בערגער, וועלכע זיינען געשטאנען אזוי בלוי און פאר־
שכר'ט
האט עס מיך געצויגען זיך אויף די שפיץ פון יענע בערגער צו קא־
טשען זיך,
זיך אויף דער פאר'כשופ'טער פריהלינגס נאכט לבנה ארויפצור־
דראפען,
און מיט'ן קליינען באכוס גרויסער וועלט זיך צו פרייען.
האב איך געהערט געזאנג פון דאנען,
און איך האב אייך געטראפען דא,
באכאנטען אויף אייער אייגענעם אופן.
זעט איר דאס רויט פונ'ם בלוט?
הערט איר דאס גסיסה געקרעכץ?
אייער גאט זאגט ווי מיינער, "כי טוב„.
אויף אלעמען, וואס ער האט געשאפען „כי טוב„, "איי גוט„.
מיינער זאגט מער אפשר:
ס'איז מחיה'דיג, תענוג'דיג.
קומט זשע דערפאר און זינגט מיט מיר צו דיאניזאס.
ווארט, איך וויל אייך ערקלערען. מיין גאט הייסט באכוס דיא־
ניזאס.
באמת, גלאט דיאניזאס. באכוס איז זיין רוימישער נאמען. אבער
רוימיש איז דיאניזאס קיינמאל ניט געווארען. ער איז דער גאט
פון שכור'ער פרייד, און דערפאר גריכיש. רוים איז צו טרוקען



פאר א גריכישען שכור'ען גאט. א סך מאל דאכט זיך מיר, טרעף איך אין אייער יהוה שטריכען פון מיין שכור'ן דיאניזאס, ווי למשל היינט. נאר געוועהנליך זוכט אייערער פליכט, מיינער די פליכט־לאזיגקייט, אייערער דעם פרידען, מיינער די באפרידיגונג, נאר צו וואס פילאזאפיע — געזונגען הייסט עס.

(די באכאנטקעס מאכען א ראד ארום אלישע. אלישע זינגט און ביי יעדער סטאנצא רעפעטירט דער כאר דעם רעפריין).

פילט אן דעם בעכער ביז צום ראנד,
און גלויביג הויבט מיט מיר די האנט,
און בעט מיט מיר,
און זינגט מיט מיר,
קיריע, דיאניזאס!
קום צוריק, דיאניזאס!

כ א ר (טאנצענדיג או זינגענדיג)

קיריע, דיאניזאס,
קום צוריק, דיאניזאס! !

א ל י ש ע: (ווי אויבען)

קום צוריק, דיאניזאס!
קום, אין מיט דיין טירזוסשטעקען,
טרעסע די וועלט אין אלע עקען,
שטרוימען דאן דיך צו באגלייטען
לוסטיגע אין אלע זייטען,
פרייליכע פוינען פון די וועלדער,
סאטירען שפרינגענדיגע פון די פעלדער,
קיריע, דיאניזאס!
קום צוריק, דיאניזאס!

כ א ר: (ווי אויבען

קיריע, דיאניזאס!
קום צוריק, דיאניזאס!

א ל י ש ע: (ווי אויבען)

הערט אפאלא פון דיין קומען,
וועט ער דאך פון שרעק פארשטומען.
און ער פיהלט זיין אלטאר שאקלען,
פיהלט די נייע וועלט זיך וואקלען,
שטארב, שווינדזוכטיגער מאנארך!

שטארב, ער קומט, ער איז מער שטארק!
קיריע, דיאָניזאָס!
קום צוריק, דיאָניזאָס!

כ אָ ר : (ווי אויבען

קיריע, דיאָניזאָס!
קום צוריק, דיאָניזאָס!

א ל י ש ע : (ווי אויבען)

קיריע דיאָניזאָס!
וועט דיאַנאַ פון דיין קומען הערען,
פינסטערער וועט זי קאָרטשען איר שטערען,
און די נימפלאך פאר שרעקען,
ציטערען אין אלע עקען.
נימפלאך מיט נעגעלאך רויטע,
דארינקע ברוסטעלאך, פנים׳לאך טויטע,
אה, אה, אה, דיאָניזאָס!
קום צוריק, דיאָניזאָס!

כ אָ ר : (ווי אויבען

אה, אה, אה, דיאָניזאָס!
קום צוריק, דיאָניזאָס!

א ל י ש ע : (ווי אויבען)

קיריע, דיאָניזאָס!
קום און ברייננ אונז דיינע ווייבער
מיט די שלאנקע שטאָלצע לייבער,
מיט די פולע, פרישע ברוסטען
נהנים־פייער אין זייער גלוסטען,
אויגען, האָר, שווארץ ווי די נאכט.
תאבה האָט זיי שווארץ געמאכט.
קיריע, דיאָניזאָס!
קום צוריק, דיאָניזאָס!

כ אָ ר : (ווי אויבען

קיריע, דיאָניזאָס!
קום צוריק, דיאָניזאָס!

א ל י ש ע : (ווי אויבען)

קום, אזוי קען׳ס ניט אָנהאלטען,
איינציג מוזטו באכוס וואלטען!



איינציג דו, דיאָניזאָס!
קום צוריק, דיאָניזאָס!
הויבט דעם בעכער,
העכער, העכער,
פרייד און לוסט, ליבע און לעבען,
איינציג ביזטו, גאָט פון רעבען,
איינציג דו, דיאָניזאָס!
קום צוריק, דיאָניזאָס!

כ אָ ר : (ווי אויבען)

פרייד און לוסט, ליבע און לעבען,
איינציג ביזטו, גאָט פון רעבען,
איינציג דו, דיאָניזאָס!
קום צוריק, דיאָניזאָס!

(דורך דער אָפענער טיר שטורעמט אריין טיניוס רופוס, פאלט ארויף אויף עקיבא, כאפט אים אָן)

ט י נ י ו ס ר ו פ ו ס :

טרעף איך דיך דאָ, פארעטער?
דו שטייסט און קוקסט מיך אָן, גלייך ווייסט פון גאָר ניט.
וואָס פאר אן אלטער, שענדליכער, גרויזאמער פארעטער!
דו ווייסט ניט פון קיין מאָרד, פון ווילדע שכור׳ע מאסען.
אנטקעגען מיר, אנטקעגען מיינע מענשען, אנטקעגען רוים׳ס נקמה־גליהענדיגער וועלטענמאכט?

ע ק י ב א : (אָפשטויסענדיג אים)

פון שענדליך און בעטריגערישען מאָרד דאָס וויים איך ניט.
צי ס׳זאָל דאָס פאָלק אין זיין גרויסען דורשט פאר פרייהייט
די קייט פון זיך האָבען געשפרענגט, וואָס האָט אים אומקלאמערט,
דאָס האָב איך שוין ערווארט.

ט י נ י ו ס ר ו פ ו ס :

ווי קאלט דו רעדסט עס איצט, פארעטער, און איך פיל עס,
דאָס איז געווען דער אמת׳ער עצם, וואָס האָט געמאכט
דיך אונטער׳ן מאנטעל פון רעליגיאָן,
די שווערע מאסען פאָלק אהער צו שלעפען,
און ווי א רויבער אין דער נאכט דער שטארקער
און גערעכטער איבערהערשאפט פון רוים
אינ׳ם רוקען פאלען און מערדעריש דערשטיקען.

נאר נארען, נארט איר זיך, איר קליינע, שוואכע מענשען,
רוים'ס וואכען אדלער האט איר היינט איינגעשלאפען,
וועה איבער אייך, ווען ער פאלט איבער אייך מארגען!
ווי אין א פוילער שטערעווע האקט ער אייך זיינע ציין איין;
און שמידט פאר אייערע גלידער דרייפאכע קייטען.
א שוואכען גארניזאן אין שלאף האט איר נעקענט דערמארדען,
היט מארגען זיך פאר די וואכע מחנות פון רוים.

(וויל אפ דורך דער טיר, שטויסט זיך אנטקעגען בר כוכבה, וועל-
כער איז שוין זייט א שטיק צייט געווען איין אומבאמערקטער צוקוקער
פון דער סצענע.)

בר כוכבה:

און מיר, טיניוס רופוס, האסטו גאר ניט וואס צו זאגען?

טיניוס רופוס:

(מיט געהויבענעם שווערד אנטקעגען אים)

פארעטער, שטארב!

(בר כוכבה האט אים ביי דער האנט אנגעכאפט, קרעמפט זי אראב
צו דער ערד, טרעט מיט'ן פוס אויפ'ן שווערד און צעברעכט עס.)

בר כוכבה:

דא ליגט דאס שווערד פון רוים צובראכען אונטער'ן פוסטריט פון זיין שקלאף.
איך ווינש, ס'וואלט געווען דאס גאנצע רוימישע רייך.

(נאך א פויזע.)

טיניוס רופוס, וואס האסטו צו די מענשען?
ביסטו נעקומען אהער א שאלה פסק'ענען
צי כשר דיין טאן, צי טרוף. ביסטו אויף דעם ריכטיגען פלאץ.
דא ביסטו ביי די אלטע מענער אונזערע,
זיי ווייסען יעדען טויטען דין פון תורה,
נאר ס'איז בלויז שוואכקעפיגקייט פון דיר צו רעדען דא
פון פארעטעריי, געבראכענע שבוע, רעוואלוציאן ארגאניזירען.
אנטקעגען דער אמת'ער און גערעכטער אבידיגקייט פון רוים.
ווען רוים האט געוואלט דאס פאלק ישראל פארשוואכען,
האט זי אין יבנה נעקליבען מענשען,
וועלכע האבען אויף דער ערד ניט געלעבט,
וועלכע האבען קיין פארשטענדניס ניט געהאט
פאר די פארלאנגען און נויטווענדיגקייטען פון זייערע מיטמענשען,



און די מענשען האט רוים געשטעלט אלס פיהרער פון דעם פאלק.
זי האט זיי געשטעלט ריידען פון איין הימלישער מלוכה,
די אירדישע זיי גרינגער צו פארגעסען מאכען.
זי האט זיי געשטעלט ריידען פון דער נשמה,
דעם גוף גיכער צו פארשוואכען. ניט דערפאר אפשר
האבען זיי דעם מאנטעל פון אלישע געלאזט פאלען אויף רבי עקיבא און זיינע קאלעגען?
זיי זיינען דאך געווען מענשען, וועמענס פינגער זיינען געשאפען געווארען
צו דרייען די הארבע קשיא — ניט דאס שארפע שווערד.
נאר צייטען זיינען פאראן אינ'ם לעבען פון א פאלק,
ווען ס'צינדט זיך א פלוצלינגער פונק אינ'ם טונקעלסטען צער
און ס'צובלאזט זיך דער פונק און ווערט א פייערפלאם,
און ווערט א גרויסע, גיכע פארצעהרענדע פייערפלאם.
דאן צופאכט זיך אין מיט פונ'ם פאלק די נשמה פונ'ם פאלס
אין פראסטע מענשען, וועלכע זיינען די קראפט פון א פאלק.
דאן קלינגט דער גלאק פון אייערע ליימענע פיהרערס,
טויב צו די אויערען פונ'ם פאלק, וואס איז מער ניט קיין טשערעדע
און ס'דערוועקט נאך דעם גרימצארן דאן פון דער ביטערער מאסע.
דער פארפיהרטער.
דאן וויי איבער אייך, איר פייניגער אהן א געוויסען,
דערשטיקערס פונ'ם לעבען פון פאלק! ס'טאגט זיך פאר אייך דער יום הדין.
אייער האנט ווערט מאכטלאז און פויל, דער שטונק פון אייערע פוילע הערצער דערשטיקט אייך.
ס'שניידט אין זיין גרויסען צארן דער תלין און פארניכטעט אייך מיט אייער אייגען ווערק פון פארניכטונג.
פון דעם באנד פון דער מענשהייט שניידעט עס אייך אוועק,
ווי איר האט דאס מענשהייטסבאנד פון זיך אוועקגעשניטען.
דאן שרייט איר "מארד און פאראט!„
פארעטער און מערדער איר! —
וויי איז מיר! מיר זיינען א פאלק נאר פון זאגערס:
דו וואלסט מיך מיט דיין אייזען דערשטאכען:
דא שטיי איך אבער און רעד און טענה:
קום! קום! האב קיין מורא ניט.

מיר זיינען אן אומה פאר׳קללה׳ט צו ריידען.

(נעמט אים אן ביי דער האנט און שלעפט אים צו צום פענסטער)

זע! די בערגער יענע און די טאלען דארט,
דארט האט אמאל געלעבט א פאלק א פרייע,
און האט זיך זיינע טשערעדעס פרידליך געפאשעט,
און האט בשלום זיך די עקער זיינע געזעעט,
געארבייט און געערנטעט יאר ביי יאר,
און האט זיך דערפער, האט זיך שטעט געבויט,
און האט געפארשט די רעטענישען פון נאטור,
און האט אין איר דערפארשט די איינהייטסקראפט,
די איינע שאפענדיגע קראפט: — דעם גאט,
וואס כאפט ארום אין פייער פון רעכט און ליבשאפט
א יעדען עק, א יעדען טייל פון וועלט,
און אט דעם גאט האט עס א שטאלצע הויז געבויט,
א פרעכטיג הויז צו דעם אלפרעכטיגען,
און זיסע פסאלמען האט אים דארט געקלונגען,
און הייסע תפילות האבען זיי אים דארט געזונגען,
און וואס איז געווען דאס פיינסטע, שענסטע, העכסטע,
האבען מיר אפגעפארשט אונזער גאט,
און אין דעם ליכט האבען מיר זיך באשטרעבט פאר אים צו גיין.
און גליקליך איז געווען דאס קינד,
גליקליך דער זקן.
זיי זיינען ביידע האנט אין האנט געגאנגען,
און ס׳האבען די בערגער פאר זיי זיך אויסגעגליכען,
און זייערע זיינען געווען שיינע און לאנגע יאהרען.
ס׳האט געשפראצט די ערד מיט מילך און האניג,
די הערצער האבען געשפראצט מיט ליבע און פרייליכקייט,
און גאוה האט ניט פארביטערט אונזער כוס,
ווייל גלייך זיינען מיר בעפאר אונזער גאט געשטאנען.
און קיין בושה איז ניט געווען;
ווייל דאס אומשולדיגע הארץ האט ניט געהאט קיין זינד,
ס׳זאל זיך דורך איר פארשעמען.
ס׳האט א בתולה פאר׳ן בחור אינ׳ם וויינגארטען געטאנצט
אהן רויט צו ווערען אים געזונגען:
"שיינער בחור,



"הויב דיין אויג אויף,
"זעה, צי איך געפעל דיר היינט".
דאן זיינט איר ווי א רעוועגדער וואלף ביינאכט געקומען,
און האט אונזערע עקערס און וויינגערטען פארוויסט,
און האט אונזערע מענער מיט פייער און שווערד פארניכטעט,
און האט אונזערע עלטסטע מיט שפאט באדעקט,
און אומרוה און א גייסט פון נידריגקייט אין די הערצער פון
אונזערע קינדער געפלאנצט,
און זייערע צארטע געפילען מיט עקעלדיגע תאבות ארומגעכאפט.
און האט אומכבוד געזייט אין אונזער לאנד,
און האט צו אש אונזערע שטאלצע בויטען אראפגעברענט,
און האט דעם שטאלץ פון אונזערע שטעדט און דערפער צום גרונד
געווארפען,
און האט דעם טאטען אנטקעגען דעם זון געשטעלט,
דעם ברודער אנטקעגען דעם ברודער,
און האט אונז צובלאזען אין אלע עקען פון וועלט,
און האט אונזער פרייען פארשענדען גייסט געבויגען צום שמור־
ציגען שקלאווען־האנדעל,
און צום דורשט נאך גאלד,
און האט אונזערע בתולות פארשעמט און פארשוואכט
און שאנד געווארפען איבער אונזערע יונגען,
אז ס׳ווענדעט זיך אפ מיט עקעל דאס הארץ פון דער פרוי פון
איר מאן,
און עס ווערען געבוירען די קינדער מיט געבויגענע קעפ,
איבער די קליינליכקייט, וואס איר האט געבראכט איבער אונז
אלעמען.

(בר כוכבה האט די האנט פון טיניוס רופוס, וועלכע ער האט געהאלטען דורך דער צייט פון זיין רעדע מיט שטייגענדער פאסיאן אלץ מער איינגעקראמפט, און רופוס האט מער און מער געליטען.)

ר ו פ ו ס (ארויסרייסענדיג זיך.)

נו, שטוים־זשע צו, פארעטער, וואס מאכסטו׳ס לאנג?
איך בין א רוימער און וויים ווי צו שטארבען.

ב ר כ ו כ ב ה :

(ווי דערמאנענדיג זיך עפעס קוקט אויף רופוס)

דו ביסט א רוימער און ביסט נאך ניט טויט?

מיך וואלט דאס אומרעכט פון מיין פאלק געטויט.
און דו, דו שטייסט אט א דא און שרייסט: פעראט !.
און שרייסט: "רעבעליאן„ אנטקעגען דער גערעכטער
און יושר'דיגער אברינגקייט פון רוים — (מיט געהויבענעם שווערד)
ווי האלט איך מיך עס איין? — (ווארפט דעם שווערד פון זיך)
נאר גיי !

איך וויל דיך אין דעם נקמה־גייסט ניט טויטען. (ווייבער בעטענדיג)
גיי, רוימער, גיי קיין רוים און רייד צו זיי:
זייט מענשען איר מיט מענשליכע געפיהלען,
ניט וואלפּנעזויגענע חיות — האט רחמנות —
ניט פאר נקמה האט זיך דער איד ערהויבען,
ניט פאר די בתולות זיינע פון אייך פארשוואכטע,
ניט פאר די מענער זיינע פון אייך געקוילעטע,
ניט פאר די יונגע זיינע פון אייך פון קראפט בארויבטע,
ניט פאר די אלטע זיינע פון אייך מיט שפאט באדעקטע,
ניט מנקם צו זיין די פארגאנגענהייט האבען מיר גע'הרגה'ט.
פאר זיין צוקונפט, פאר זיין הויז און הויף,
פאר זיין פרוי און קינד — פאר זיין שטיקעל לאנד,
פאר זיין פרייהייט האט ער ווידער אמאל זיך דערהויבען:
פאר די כשר'קייט פון אונזערע לעבענס האבען מיר די קייט צוריסען
צווינגט אונז ניט אינ'ם שמוץ פון שקלאפעריי זיך צו דערטרינקען !
מיר זיינען עס ניט באשאפען אין דעם שמוץ צו קריכען.
מיר וועלען דאגעגען זיך שטעלען מיט יעדען טראפען פון אונזער
בלוט.

מיט יעדען ביסעל כח פון אונזער מארך — גיי !
(טינייוס רופוס פארלאזט מיט גיכע טריט דאס הויז. בר כוכבא
ווענדעט זיך צו די רבנים.)
און אייך, רבותי, מיט די לאנגע, ווייסע חכמ'דיגע בערד,
צו איר וועט כשר'ן דאס וואס מיר האבען געטאן,
צי איר וועט שרייען: פסול, טרפה,
אין חרם לייגען מיך, און אלע די, וועלכע זיינען ביי מיר געשטאנען
— אייך זאג איך דאס נאר — מיר האבען געוואלט לופט,
לעבען — איר קאנט עס ניט איינבאלזאמירען מער,
דעם לעבעדיגען גוף — ס'שטינקט פון אינוויינינג אויס
די פוילקייט שוין: און אייערע דינים, חוקים און משפטים



זיי זיינען ניט קיינע גרענעצען צום טויט.
(עקיבא, וועלכער איז זייט דעם לעצטען טייל פון דער סצענע
ביים פענסטער געשטאנען און ארויסגעקוקט ווי ערווארטענדיג עפעס,
שפרינגט אויף א פרייליכער.)
עקיבא:
אה, שווייג ! דארט ברענט א פלאם און נאך א פלאם.
(אלע שפרינגען צום פענסטער.)
אויפ'ן הר הזתים ברענט עס און בוציטא,
אויף דער אקרא, דא פלאקערט אונז אנטקעגען פרייהייט,
רבותי, לאמיר גומל בענשען, לאמיר דאנקען גאט.
(די אנשי סנהדרין און ברידער ברק בויגען אן זייערע קעפ אין
געבעט.)
גאט, אונזער גאט, ווי ס'ברענט פון יענע בערג, אונז דיין ערלעזונג
אנטקעגען,
אזוי ברענט אין אונזער הארץ איצט א דאנק, איין אונאויסלעש־
ליכער,
צו דיר, אונזער גאט, אונזער בורא !
מיר נעמען יענעם שיין פונ'ם ליכטיגען פייער אלס א צייכען,
דאס דער גאט פון אונזערע פאטערס האט ווידער זיך געווענדעט
צו אונז.
בר כוכבה (נאך א פויזע)
איך שטיי א דא, מיר הודיעט עס אין קאפ,
דאך איז מיין הארץ ביי אייער פרייליכקייט מיר גרינגער.
וואס מיינט דאס אלץ? —
עקיבא:
גאט האט געענטפערט, זון.
דו האסט געטראכט, ווייל ס'שווייגט דער אל העולם איז ער טויט?
אה, נארישע מענשען ! גאט וואכט, הויב דיינע אויגען אויף, און
זע !
דארט ברענט זיין ווארט צו אונז אויפ'ן הר הזתים,
ווייל יענע פלאם הייסט: פערזיען האט רוים'ס יאך אפגעווארפען,
און קינדיגט אונז די בשורה אין אקרא'ס פלאם,
מצרים איז היינט קיין שקלאף ניט מער.
און דארט אין ביציטא רעדט א פלאמענדיגע צונג,
פריי זיינען די ערבים היינט אויך — און אין אפל

ריידען די פריי געווארענע פעלקער פון כפרות און קירענע
און אויפ'ן הר מוריה, זעה, ברענט איצט שוין אויך די פלאם, וואס
איז אונזערע.
אה, גאט, ווי פרעהליך בין איך, איך האב ניט באדארפט קומען
ארוים היינט צו מיין פאלק און זאגען : הויבט אויף די וואפען
אייערע,

קומט, די שעה זי האט געשלאגען.
דו האסט אליין צו זיי גערעדט, א, גאט!
די פלאם אליין צופאכט אין זייערע הערצער,
און זייער מלחמה האסטו אויסגעקעמפט.

בר כוכבה:

אה, רבי, רבי, רחמנות האב, זיי קלאר!
וואס מיינען די פרעמדע פלאמען און פרעמדע ווערטער?

רבי עקיבא:

פארשטייסטו אלץ נאך ניט ?
אלץ איז דאך אזוי קלאר.
און ליכטיג איצט — דא שטייען די ברידער ברק,
ישמאל בן אלישע, שמעון בן גמליאל, ישמאל אונזער נשי,
חנניה בן תרדיון, אונזער מתרגמן, רבי חצפית,
דער קלוגער סופר ישבב, דיין פעטער אליעזר בן שמוע,
רבי התרפון, ר. יהודה בן בבה און ר. יהודה העתים,
און איך אליין. — מיר האבען געזייט די לעצטע פערציג יאר
איין אנדערען זאמען ווי אונזערע קארעליגיאנעס אין אלעקסאנדריען
און רוים.
מיר האבען צו איד און הייד גאט'ס גרויסע ווארט פארציילט
פון פרייהייט און מענשענשטאלץ, וואס בוקט זיך ניט
אפילו אונטער'ן גאלדענעם יאך פון אן אדריאן.
מיר האבען די פרוכטען געשניטען, די שרינטען צערקלענערט,
דאס אומקרויט גערייניגט און האבען ערצויגען דעם בוש,
וואו ס'ברענט היינט די נשמה פון אונזער גאט —
דער גאט פון דער פרייהייט. — רבותי, ברידער,
דארט ברענט אונז אנטקעגען דאס ליכט פון א נייעם טאג.
דארט רעדט עס היינט מיט ווערטער פון פלאמען, גאט האט אונז
געהערט.



גאט האט אונז געהאלפען צו שטיין נאך אמאל מיט דערהויבענע
קעפ;
צי גאט וועט אונז איצט העלפען  צי שפעטער,
געהערט האבען מיר דאס קול פון אונזער גאט:
רוים איז פארדאמט צום פערפאלען;
"דאס ווערק פון באפרייאונג געהערט צו מיר„ .

בר כוכבה (אין התלהבות)

ווארט, ווארט, איך פארשטיי דיך!
איר האט דעם אויפשטאנד געפלאנט
איר האט די געדריקטע פעלקער פערבונדען,
איר האט די דאזיגע נאכט בעשטימט צו'ר בעפרייאונג נאכט.
גאט, גאט, אויב ניט מיט אונז, שטיי ניט אנטקעגען אונז,
און מיר וועלען אונזער קאמף זיכער געווינען. (צו רבי עקיבא)
אה, רבי, רבי, ווי שווער האב איך געזינדיגט —
וואס בין איך שטויב און איבערגעקאכטע בלאטע, א גאר ניט צו
אייך,
צו דיר, מיין קאלטער, הייסער, שיינער, גאט דערפילטער רבי,
וואס האב איך אויפגעטאן? — ווען דער כעס איז געקומען איבער
מיר
בין איך צושפרונגען פון היץ, ווי א שוואכער, אירדענער טאפ.
ס'האט מיך אוועקגעריסען, ווי א שוואכען, ווילענלאזען מענשיגן,
אהן א רעכענונג, אהן א שום באטראכטונג האב איך געשלעפט
דאס גאנצע פאלק, אזוי ליב צו מיר,
צום ברעג פון א תהום, וואו אהן אייער הילף
וואלטען מיר זיך זיכער געשטירצט, — און איהר,
איהר האט די לאנגע צער'דיגע יאהרען
געארבייט אין שטילקייט, באקעמפט זיך און באהערשט,
און שטורמדיגע טעג מיט בטחון אין גאט געבויט.
ווי גרויס, ווי וואונדערפול, ווי געטליך איז אייער ווערק!

(זינקט אויף די קני בעפאר רבי עקיבא.)

רבי עקיבא:

מען קניט ניט פאר קיין מענשען — הויב דיך אויף!

בר כוכבה:

אה, לאמיך קניען! — איך קני ניט פאר א גאט,
איך קני, ווי ס'קניט דער זון פאר דעם פאטער זיינעם.

אַה, לאָמיך קניען, איך פיל דאָ אזוי גוט.

(רבי מאיר און אַנדערע תלמידים קומען אַן.)

ר ב י  מ א י ר :

מיר האָבען געצונדען די פלאַם אויפ'ן הר מוריה.

(ווערט געוואָר פונ'ם גאַנצען בילד. זעהט אלישע, וועלכער האָט זיך די גאַנצע צייט פאַרהאַלטען מיט אַ טרויעריגען שמייכעל אויף די ליפּען. — צו אלישע :)

איז דאָס געווען אַ שטורמפולע נאַכט ! —

דיך רבי האָב איך, דאַכט זיך, געזען אינ'ם טומעל פון קאַמף.

א ל י ש ע :

איך בין געווען. נאָר ס'האָבען די שווערדען געשיינט
מיט רויטע, פיבערישע בלוט — מענשען יהאָבען אין גסיסה־שמער־
צען
זייער לעבען אויסגערעכעלט — איך האָב געזען דיין האַנט
שטונקען מיט מענשליכע בלוט — האָב איך געטראַכט,
איך ווייס פון אַ רויט, וואָס פליסט אנגענעהמער, און, אַ גערוד
מער ליבליך צום נאָז פונ'ם מענשען...

ר ב י  מ א י ר :

און ווייניג קען איך דיך דערפאַר נאָר שעלטען
צו פילען דעם לעצטען, וואַרימען הויך פון אַ שטאַרבענדיגען מענ־
שען,
צו הערען דאָס לעצטע געקרעכץ פון איין אויסגעהענדיגער נשמה,
אַריינצושטויסען דאָס שאַרפע, קאַלטע שווערד אינ'ם לעבעדיגען
געטליכען גוף —
גאָט, ווי שווער איז דיין שטראָף !

(דורכ'ן פענסטער זעט מען די זון אין אַ פּרעכטיגען רויט אויפ־
גיין.)

רבותי, די זון איז אויפגעגאַנגען —
ס'איז צייט פאַר קראה שמע.

(עקיבא און אַלע אַנדערע אויסער אלישע ווענדען זיך קיין מזרח.)

ר ב י  ע ק י ב א :

שמע ישראל, יהוה אלוהינו, יהוה אחד,
הער ישראל, יהוה אונזער גאָט איז איינער — און זאָלסט ליב
האָבען דיין גאָט מיט דיין גאַנצען הארץ, מיט דיין גאַנצער זעל,
מיט אַלע דיינע געפילען — און זאָלען די ווערטער, וועלכע ס'באַ־



פעלט דיך דיין גאָט, זיין תמיד מיט דיר, אין דיין הויז, און דיין הויזגעזינד, אויף דיין וואַנדערען און רוהען ; און לייג זיי אַלס אַ צייכען אויף דיין האַנט, און זאָלען זיי דיר זיין איינגעקריצט בעד־פאַר דיינע אויגען.

(אַלע שטייען מיט געבויגענע קעפּ. אלישע פאַרזוכט צו לאַכען שפּאָטיש. לויפט אַרויס, געפאָלגט פון זיינע ווייבער און פון דרויסען הערט זיך מער אַ וויי־געשריי ווי אַ געזאַנג דאָס קול פון אלישע :

"קיריע, דיאָניזאָס !
קום צוריק, דיאָניזאָס !„)

ר ב י  ע ק י ב א : (ווי אויבען)

און ווער איהר געהאָרכען דעם געבאָט, צו ליב האָבען אייער גאָט, אים צו דינען מיט אייער גאַנצען הערץ, וועט גאָט באַפריכטען אייער ערד אין צייט, און וועט אייך פאַרמערען און פאַרגרעסערען. אָבער וועט איר ניט האָרכען צו אייער גאָט און דינען פרעמדע געטער, און קניען פאַר זיי, וועט דער צאָרן פון גאָט ענטברענען צווישען אייך, און פונ'ם הימעל וועט ער ניט שיקען זיין טוי, און די ערד וועט אייך ניט געבען איר פרוכט, און איר וועט פאַרטיליגט ווע־רען פונ'ם לאַנד, וועלכעס גאָט האָט אייך געגעבען ; און זאָלען די ווערטער זיין תמיד מיט אייך, און לערענט זיי אייערע זין אין אייערע הייזער. אויף אייער וואַנדערען און רוהען, ביי אייער קומען און גיין ; און זי זאָלען זיין איינגעקריצט אויף די פאָסטען פון אייערע טויערען און הייזער.

(די זון האָט באַגאָסען מיט אירע רויטע מאָרגען שטראַלען די גאַנצע סצענע.)

דאַן וועלען זיך מערען אייערע טעג, און די טעג פון אייערע קינדער אויף דעם לאַנד, וועלכעס גאָט האָט געשוואָרען צו אייערע פאָטערס אייך צו געבען אַלץ אייער אייגענטום, ווי די טעג פונ'ם הימעל אויף דער ערד.

(פויזע. פון ווייט אַוועק הערט זיך דאָס קול פון אלישע ווי אַ ווייגעזאַנג :

קיריע, דיאָניזאָס !
קום צוריק, דיאָניזאָס ! )

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.)

פערטער אקט.

# דער טויט פון רבי אליעזר

צייט : ס׳איז שבעות־צייט פונ׳ם זעלביגען יאָר. ס׳איז נאָך מיטאָג. דאָס וועטער איז קלאָר נאָר דושנע ווי בעפאָר אַ שטורעם.

בילד : בעפאָר דער פעסטונג אַנטאָכיאָ, ווי אין אקט 2, סצענע 1. די מויערען פון דער פעסטונג ליגען אין רואינען. די אייזערנע טויערען ליגען אויסגעריסענע אויף דער ערד. פרייליכע גרופּען, מענער, פרויען און קינדער שפּאַצירען אַראָפּ און אַרויף. אַלע זיינען יום־טוב׳דיג אָנגעטאָן. קאָוויאָרען מיט בלומען בעשטרייטע ליגען אויסגעצויגענע אויף דער ערד. ס׳הערשט אַ שמחה׳דיגע שטימונג.

---

(אלישע בן אבויה קומט אָן, יום־טוב׳דיגער ווי תמיד געקליידעט. ער טראָגט אַ ווייןפלאַש אין דער האַנט און איז אַרומגערינגעלט פון אַ רעדעל יונגע חברה, וועלכע האַלטען זיך פאַר אים מיט איין ארט גוטברידערליכקייט און גרויס דרך ארץ.)

א ל י ש ע : (אַוועק וואַרפענדיג די פלאַש) יונגען, היינט ניט געטרונקען מער. יהוה לאָזען מיר היינט לעבען און דאָס בייטענדיגע ראָד פונ׳ם שיקזאַל. יהוה האָט אויסגעטאָן זיין תשע־באַבדיג קלייד, און שטייט היינט אין דער פּראַכט פון אַ ליכטיגערער זון — און דער רוימישער באַכוס, אָה, דער רוימישער באַכוס ליגט אויסגעגאָסען דאָ אויף דער ערד, ווי אויסגעגאָסען אויף דער ערד ליגט דאָ זיין רויטער זאַפט. (קוקט אויפ׳ן אויסגעגאָסענעם ווייַן אַ ווײַלע) יונגען, היינט זינגען מיר הלל צו יהוה, הידד צו ישראל.

י ו נ ג ע ן : (האַלב שפּעטיש, האַלב גוטמוטיג) הלל און הידד ישראל.

(קומען אָן אַ חברה פּרושים אויפגערעגטע. זיי גייען ווי געוויינליך אין תלית און תפילין און טראָגען נאָך באַזונדערס היינט זייערע ווייסע קיטלען.)



א פ ר ו ש : ברידער, גענוג, שווייגט, רבי אליעזר וועט פאַר אונז ריידען היינט.

פ ר ו ש י ם : (צו רבי אליעזר) רבי אליעזר, דו ווייסט אונזער הארץ. מער קענען מיר דיר ניט זאָגען.

א ל י ש ע : אָט, אָט, האָסטו נאָך אַמאָל די מעשה פון איקארוס מיט די וואַקסענע פליגעל — עה, איר, וואָס איר פיהלט, ניט דאָס צושמעלצען זיך פון אייערע וואַקסענע פליגעל, און דראַפּעט זיך צו דער זון, רבותי, שלום עליכם אייך! — וואָס באַדייט אייער קאָכען זיך היינט, און דאָס איבערלויפּעכץ פון הייסע בלאָזען פון פּראָסטע וואַסער, וואָס שרפה׳ט אַוועק? עה, א ניט איבערגעקערטע שטיק טעג ביסטו, בנימין, וואָס אין איין זייט שרפה׳סט דו אַוועק און די אַנדערע בלייבט רוי! — איר ווענדעט זיך אָפּ פון מיר און שפּייט זיך אויס : — איך ווענד זיך צו צו אייך און שפּיי זיך אויס. איך שפּיי זיך אויס אויף אייערע העויית, אויף אייערע ווילדע ניט איבערלעגטע ווענען, אויף אייער טויטערנסטער אונערנסטקייט. — איר מיינט, איך ווייס ניט, וואָס אייך טרייבט אהער? — ווער קאָן אייך קענען און זאָל דאָס ניט וויסען. זאָגט דאָך מיין רבי אפּיקורעוס : קראַנקהאַפטע נאַטורען, מיט איבערגעשפּיצטע נערווען זיינען ניט פעהיג צו זיין באמת גליקליך. — איז ער ניט גערעכט? אויב ניט, צו וואָס דער אויפצוג? די טויטענקיטלען, די תכריכים אין א טאָג פון שמחה? ערשט נעכטען האָט איר דאָך אין גאַס געשריהען : מיר האַסען רוים. די קייט פונ׳ם הייד אומקלעמערט אונז מיט אַ גהנם׳דיגען רינג. און היינט, ווען דאָס, וואָס איך, וואָס איהר האָט אפשר פאַר אַן אונמעגליכקייט באַטראַכט צו קומען, האָט זיך פאָלבראַכט, ווען דאָס דערשטיקענדיגע יאָך פון דער וועלטמענמאַכט איז געפאַלען, אין שטיק געפאַלען, ווי אַ צעהאַקטער בוים, ווען דאָס אונערוואַרטעטע איז געקומען אַזוי פּלוצלינג, אַז ס׳פיהלט נאָך ניט דער נאַקען זיך געוואוינט אַ פרייער זיך אויסצוציהען, ווען דער קליינער דוד האָט צו דער ערד געשטרעקט דעם גרויסען גלית ; ווען גרויסע, קאַמפּפגעאיבטע רוימישע מחנות זיינען געפאַלען בעפאָר די טריט פון די ווינציגע אונזערע, בעפאָר נאָך פערזיען, בעפאָר מצרים האָבען די מעגליכקייט געהאַט צו שיקען אונז די הילף, וואָס זיי האָבען פאַרשפּראָכען ; ווען, ממש, די האַנד פון גאָט אליין האָט אַ וואונד געריסען אינ׳ם

הארץ פון רוים׳ס טיראַניי, אז די שטאָט האָט געציטערט אויף אַלע אירע זיבען בערגער, און ס׳איז געשטאַנען דער אדריאַן, וועלכען פריהער האָט מען אַנגערופען גאָלדגעלאָקט, און איצט האָט מען דערקענט פאַר איין באמת מיאוס און פערגענעטען חברה־מאַן, דער אדריאַן איז געשטאַנען פאַר׳ן רוימישען סענאַט: "מיר זיינען געזונד„ האָט ער בעדאַרפט צו מעלדען, „נאָר דאָס זעלבע קענען מיר ניט פאַרנעמען פונ׳ם רוימישען חיל". ווען פערזיען האָט זיך דערהויבען, און מצרים האָט זיך דעוואָלוציאָנירט, ציציליען און כפרת האָבען אויסגעשטרעקט זייערע הענד צו אונז; ווען מיר האָבען אָנגעצונדען די פרייהייטס־פאַקעל אינ׳ם גאַנצען מזרח, און ס׳ברענט דער פרייהייטספאַרלאַנג אויף אין א יעדען הארץ — וואָס ווילט איר מער? — איך וויים עס, איר זייט אויפגערייצטע אנטקעגען בר כוכבה. איר זייט ברוגז דערפאַר, ווייל ער זאָגט זיך אָן אפשר א קרוב צו אייער גאָט. מען רופט אים שטערען־זון גאָטגעשיקטער — מוז איינעם ניט זיין האָלד א יעדער שטערען, און זיין דער משיח בן דוד אַליין, אזא מין שטיקעל ארבייט אויפצוטאָן, ווי מיר האָבען עס געזען אויפגעטאָן.

א פ ר ו ש: שווייג, אחר, לעסטער ניט גאָט.

א ל י ש ע: איר לעסטערט גאָט, שטאָקבלינדע מענשען, איר, ניט איך. שוויינ, און הערט זיך צו! היינט זיינט איר נאָך מענשען צו מיר, מאָרגען זיינט איר אפשר ווידער צו מיר נאָר שאָף און הינט און קעץ און פראָסטע מיסט. הערט זיך איין און ענטפערט ניט צו מיר, ענטפערט זיך אייך אַליין: וואָס האָט איר צו אים, וואָס איז אייער בר כוכבה? ער איז ניט געקומען אויף א ווייס פערד קיין ירושלים? ער האָט ניט אראָפגעבראַכט דעם הימעל אויף דער ערד? ער האָט ניט קיינע ניסים און נפלאות באַוויזען מעשה א משיח בן דוד? ער האָט זיך מיט אַנדערע פעלקער פאַרבונדען די רוימער צו דערשלאָגען, און האָט עס ניט געטאָן מיט אייגענער האַנד. ער איז אפילו אזוי ווייט געגאַנגען זיך צו פאַרבינדען מיט די וואָס וואוינען אין שמריה, און וועלכע ס׳געפעלט אייך אָנצורופען די אומהייליגע פאַר גאָט. ס׳געפעלט אייך ניט, וואָס ער האָט גאָלד געמינצט מיט זיין אייגענעם נאָמען און האָט טאַקסעס פון אייך געהויבען, וועלכע זיינען אפשר ניט לייכטער געווען ווי די טאַקסעס, וועלכע איר האָט



געצאָלט צו רוים — ניט אזוי? — נאַרישע, ניכטערנע חברה (בויגט זיך אָן און הויבט אויף די פלאַש, וועלכע ער האָט פריער אַראָפגעוואָרפען צו דער ערד, זייעט זי אויס) — איר זיינט שוין איצט ווידער צו מיר גלאַט שאָף און הינט און קעץ און גאָלע מיסט. — הערט זיך צו: בר כוכבה איז ניט געקומען אויף קיין ווייסען פערד, ווייל אפילו א ווייסער פערד איז אויך ניט כשר ביי אייך. ער האָט ניט אַראָפגעבראַכט דעם הימעל אויף דער ערד, ווייל ביי אייערע אַלע העווית זיינט איר נאָך קיינע מלכים ניט געוואָרען — קיינע נסים און נפלאות האָט ער ניט אויפגעטאָן, ווייל אונזער צייט איז קודם כל א צו מאָדערנע, און פאָרטגעשריטענע פאַר אזעלכע זאַכען צו געשען, און שנית, האָב איך דאָך שוין אייך געזאָגט: מיין רבי אפיקורעאוס, גלויבט גאָר ניט אין אזעלכע זאַכען — גאָט האָט קיין שום שייכות ניט צו אונז אָרימע מענשען. ער האָט פאַרגעניגען און וויל זיך עס ניט באַמיהען מופתים אויפצוטאָן. ער האָט אייך באַשאַפען פאַר זיין פאַרגעניגען — נאָר גאָט האָט ליב רוה, ויין, ווייבער און געזאַנג — און וויין, אָה, דער וויין (קערט איבער די פלאַש אינ׳ם מויל) זעקס אייביגקייטען האָט גאָט געשאַפען, שטייט געשריבען. און אין דער זיבעטער רוהט ער — און ער האָט זיך נאָך ניט אויסגערוהט.

ר ב י א ל י ע ז ר: שכור׳ער דבר אחר, סקלה האָסטו פאַרדינט פאַר דיין לעסטערונג.

א ל י ש ע: (ווי אויבען) וואַרט, איך האָב נאָך ניט געענדיגט; הערט זיך צו צו שכל הישר. ער האָט זיך פאַרבונדען מיט אַנדערע פעלקער, ווייל ווי איר קאָנט עס זיך דענקען, זיינט איר אַליין געווען צו שוואַך דעם בלוטיגען, רוימישען שטיוועל אָפצוהאַלטען פון דאַנען, און אויף גאָט וואַרטען וואָלט איר באַדאַרפט דורכוואַרטען די זיבענטע עוויגקייט, זייט מיר מוחל. דער פאַלשער זונה שמריה האָט ער די האַנט געגעבען, ווייל צו האָבען א זונה אינ׳ם רוקען, איז ערגער נאָך ווי זי צו האָבען בעפאַר זיך: און געלד האָט ער געמינצט מיט זיין נאָמען, ווייל מינצען האָט ער געמוזט, און ער האָט ניט געוואוסט, דאָס איר האָט ליבער דעם רוימישען פרצוף מער ווי זיין אייגענעם.

א פ ר ו ש: קומט אוועק, וואָס שטייען מיר דאָ און הערען אהר לעסטערען און שפּאָטען פון אונז.

א ל י ש ע (לאכט) הא, הא, הא, הא, הערט זיך צו, איר נארישע פארפיהרטע צילבאוואוסטע מאסע, וואס שאפט זיך משיחים און קאנט זיי ניט דערטראגען. הערט זיך צו, איר געצענדינער פון פליכט, וואס שפראצט ארויס אין פליכטלאזיגקייט, ערגער נאך ווי די פליכטלאזיגקייט פון מיין שכור׳ן גאט דיאניזאס. טופקעט מיט אייערע פיס! ליארעמט מיט אייערע קולות! שפייט אויף מיינע ווערטער! איר טופקעט אנטקעגען זיך, איר שרייט אנטקעגען זיך, איר שפייט אויף זיך אליין. אויף אייער אייגענעם צער, אויף אייער אייגענעם שכל הישר. אויף דעם פייער אנגעלייגט פון אייערע אייגענע הענט. און איך שפיי מיט אויף אייך, און איך לאך מיט פון אייך, און איר זיינט צו מיר גלאט קעץ און מייז און גאלע מיסט — נאר דא קומען די שיינע אידישע בתולות און די, וואס הייסט נאך מיין כלה, מיין ליכטיגע ברריה, זי גייט בעפאר זיי ווי די לבנה בעפאר די שטערען — איך שפיי אויף אייך.

(קומען אויף דער סצענע ברריה און אידישע מיידלאך, בילדענדיג א כאר. זיי זיינען מיט בלומען באקרענצט און זיי זינגען).

ב ר ר י ה (זינגט)

שיין העבען זיך די טריט אויף די בערגער
פונ׳ם שליח, וועלכער ברענגט אונז דעם פרידען;
שענער נאך פון אים, וואס איז מבשר
א פרייהייט א לאנג דערבענקטע.
פרייהייט איז אראפגעשטיגען פון די בערגער;
פרידען איז אונז מבשר דער הימעל.

א י י נ ע פ ו נ ׳ ם כ א ר :

דער שונא פונ׳ם ליכט איז געבלענדעט
נאך וואכענדיגער אומרוה הערשט יום טוב,
און די ערדקושענדיגע מויערען
שטייען פרעכטיגער היינט ווי אין זייער גאנצקייט.

א ד ר י ט ע :

גאט, דו ביסט א גאט פון אויפבויאונג,
נאר פריהער אדער שפעטער
טרעפט דעם פארדערבליכען דיין צארן;
און פרעכטיג ביסטו דאן אין דיין פורכטבארער צעשטערונג.
שיין און ליבליך צו אונזער הארץ



לינט דא די חרבה פעסטונג פון דער טיראנען־מאכט,
און פרייליכע שטאמפפען מיר אויף איר!
שיין ביסטו גאט פון צעשטערונג!

א פ ע ר ט ע :

טעכטער פון ציון,
היינט מעגען מיר הויבען אויף אונזערע אויגען מיט שטאלץ;
אונזער פנים זאל זיך היינט ניט פארבען מיט דער רויט פון שאנד.
אונזערע מענער באגעגענט היינט מיט געהויבענע קעפ.
אונזערע מענער האבען זיך אנטקעגען דעם שונא געשטעלט;
דער שונא האט געציטערט, איז געפאלען.
רוים די מעכטיגסטע פון דער ערד איז געפאלען
בעפאר די ווינציגע צאהל פון אונזערע מענער;
בלוטגעזויגענע רוימערס, וואלף־ערצויגענע רוימערס —

ב ר ר י ה :

פון אונז זאל קלינגען זייער לויב,
דער לויב פון אונזער טאטעס און ברידערס,
מיר די טעכטער פון יהודה,
זינגען היינט דעם לויב פון די ענשי יהודה,
זינגען דעם מוט און באגייסטערונג פון זייער געטליכען פיהרער,
בר כוכבה.
דעם פייער גלייך צושטערענדען ארם, און פייער שפריהענדיגער
צונג פון בר כוכבה.
קומט לאמיר זוכען בר כוכבה.
זוכען זיינע גבורים און זינגען זיי,
זינגען דעם געזאנג פון דער פרייהייט,
וועלכע זיי האבען געבראכט אונז. (גייען אפ)

א ל י ש ע :

(נאכלויפענדיג זיי. געפאלגט פון זיינע יונגען.)

און פאר מיר, מיין טייבעלע, מיין שפרינגענדיגע גאזעלע,
פאר מיר האסטו קיין לעבעדיגע ווארט ניט?
קיין שום געזאנג ניט צו זינגען? (אפ.)

א פ ר ו ש : (אויסרופענדיג.)

אז וויי, אז וויי איז דיר ישראל! — בר כוכבה איז דיין משיח געווארען, די ווייבער דיינע תהילם־זינגער, און אחר, אחר, דיין מאראלפרעדיגער — עה!

(בר כוכבה, געפאָלגט פון די אַמבאַסאַדאָרען פון פערזיען, מצרים,
ציליציען, כפרת, אַראַביען און שמריה טרעטען אויף.)

בר כוכבה:

איר שטעלפאָרטרעטער פון פערזיען, מצרים, פון ציליציען,
כפרת און אַראַביען.
פאַרבינדעטע אינ'ם גרויסען פרייהייטס־קאַמף,
איידער צו געבען אייך אייער לעצטען צתכם לשלום,
האָב איך געווינשט מיט אייך נאָך שטיין אַ דאָ,
אויפ'ן אָרט, וואו חרב איז געוואָרען רוים'ס מזרח־מאַכט.
ס'איז ניט גענוג דעם אויג זיך פריי צו וויסען,
דעם האַרץ צו פיהלען זיין שוואונג איז איצט אַ פרייער,
ס'וויל דאָס אויג אַ לעבעדיגען סימן,
אַ פרייהייטס־צייכען האָבען זיך צו דערקוויקען.
(ווייזענדיג אויף די רואינען)
דאָס איז דאָס צייכען —
דאָ ליגט אין שטויב צושמעטערט די וועלטנמאַכט פון רוים.
די מויערען פון דער שטאָלצער אַנטאָניאַ לעקען היינט דעם פאָריך
פון דער ערד.
דער יאָך פונ'ם גאַנצען, ברייטען, שיינעם באַדריקטען מזרח
ליגט היינט אין שטויב דאָ אַ צושלאָגענע.
און פון יעדען רוימער, וואָס האָט אין איר געהויזט,
איז זייט לאַנג ניט דאָ איצט מער דער קלענסטער זכר.
און אַלץ, וואָס איז געשען, דאַרף איך דערציילען דאָס אייך,
מצרים, אַראַביען, פערזיען, ציליציען, כפרות ?
איין גאָט נאָר האָט פאַר אונזערע שוואַכע מחנות
געטריבען די שווערע רייהען פון רוימישע סאָלדאַטען,
געשניטען זיי ווי אַ שניטער שניידט די זאַנגען.
און אונזער גוטען מוט דאַנקען מיר דיר, אַראַביען, אויך
פאַר דיין צייטיגער הילף. מצרים, פערזיען, ציליציען, כפרות,
הגם ניט מיט דעם ערפאָלג, איז דאָך אייער קאַמף
קיין גרינגערער ניט געווען, און אייער ענדליכער זיג
פון קיין קלענערער באַדייטונג — וואָס אַ יעדער פון אונז
האָט נאָר אַלס שיינעם חלום זיך פאָרגעשטעלט,
איז נאָך אַ שענערע רעאַליטעט געוואָרען,
וואָס איז, און לעבט, און בליט, און שפּראָצט מיט פרוכטען.



נאָר ניט קיין גאַנצעס שטייט עס נאָך אַצינדער.
רוים ליגט באַזיגט, דאָך ליגט זי ניט צובראָכען.
ברעכט איר די קראַפט אַ דאָ, פילט זי, זי איז פאַרלוירען.
כאָטש ס'איז פאָריבער שוין אַ יעדע ערנסטע געפאַר,
שטייען הונדערטע וועגען היינט נאָך אָפען פאַר רוים.
זי וועט אינטריגעס זייען אין אונזער מיט,
מחלוקות, רוגזות וועט זי צווישען אונז שפּרייטען,
און איצט, ווען צווישען אונז, דאַרפען מיר זיין אַם שטאַרקסטען
גאָר.
נאָר לאָמיר האַלטען אונזערע אויגען אָפען,
אויסטיליגען פון אונז און צווישען אונז,
וואָס קאָן באַפרוכטען רוים'ס סם המות זאַט.
לאָמיר מיט אָפענע הערצער און מיט וויליגען מוט,
די האַנט אויסשטרעקען צו אַלע אונטערדריקטע.
(ווענדעט זיך צום אַמבאַסאַדאָר פון שמריה.)
און ס'איז דערפאַר וואָס מיט אַ פרייליכען הערצען
שטעל איך היינט פאַר דעם שליח פון שמריה,
וועלכער שפּעט, דאָך פאַר'ן קאַמף פאַר פרייהייט
און פאַר אמת קיינמאָל צו שפּעט ניט, געקומען איז
זיך איינצושליסען אין אונזער גרויסען קאַמף.
(ווענדעט זיך צום שליח.)
און אַ דאָפּעלטען ברוך הבא ביעט איך דיר שמריה,
ווייל פריש אין קראַפט און מיט ניט געבראָכענעם מוט
שטייסטו צו אונז די אויסגעמוטשעטע און אויסגעמאַטערטע
פון גרויסען ווערט... — נאָר זעה !
(רבי עקיבא און תלמידים קומען אָן.)
דאָרט קומט דער גרויער זקן, אַרומגערינגעלט
פון אַ מחנה יונגען, וואָס שעפּען פון אים
ווי די ערד שעפּט פון דער זון
שטראַלען פון ליכט און יוגענדליכער פרוכטבאַרקייט.
דאַרף איך דאָס ווייטער פאָרשטעלען פאַר אייך, — אים
וועלכער האָט צווישען אייך די פאַקעל פון פרייהייט געטראָגען,
פון איין לאַנד צום אַנדערען געבלאָזען און געפאָכט,
די הערצער געצונדען, געבויגען און געשמידט ? —
רבי עקיבא פאַר די וואָס זיינען די פרוכטען פון דיין אַרבעט.

וואָס לאָזטו ריידען מיך, לאָז מיר דאָס לויבען. —
דאָס איז פערזיען : — די רעסטען פונ'ם רוימישען חיל
יועלען לאַנג דערציילען נאָך פון פערזישע פערד
און ווילדע פערזישע רייטער, וואָס האָבען געטריבען
ווי אַ מדבר־ווינט די רוימישע רייטער אינ'ם שטורמדיגען ים.
און דאָס איז מצרים און אַראַביען, ווי שווער זייער אויפגאַבע איז
געווען
צו קעמפען אַנטקעגען רוים און דאָך אין רו זיי איינצושמייכלען,
ביז וואַנען ס'וועט קומען דער ריכטיגער מאָמענט צו זאָגען :
„מיר זיינען פריי”, ווייסטו אָם בעסטען דאָך.
און דאָס איז דאָס קליינע ציליציען, און קלענערע כפרות.
זיי האָבען געשריהען : ”מיר שטייען אָדער מיר פאַלען.„
און גאָט איז גערעכט און גוט, און שטאָלצער ווי ווען אַמאָל
שטייען זיי היינט. — און דאָס איז שמריה,
זי איז געקומען אונזער האַנט צו דריקען ברידערליך,
און דאָ, אין דער אַנזיכט פונ'ם רוימישען מזרח־פּאַל,
דריק איך ברידערליך זייער האַנט אַנטקעגען שקלאַפעריי,
אַנטקעגען באַדריקונג !
(זיי אַלע גיבען זיך די הענט און בילדען אַ רינג.)
גיב אונז דיין ברכה, רבי !
ר ב י   ע ק י ב א :
פערזיען, מצרים, ציליציען כפרות,
מיר זיינען ניט נאָר אַלטע באַקאַנטע און פריינד, אפילו הערצליכע.
מיר זיינען מער : — מיר זיינען וואפענברידער.
מיר זיינען ברידער אין איין גרויסען קאַמף —
נאָך מער : — מיר רייסען אַלע אינ'ם זעלבען יאָך,
וואָס דריקט צו'ר ערד אַראָפּ אונז — און דאָס יאָך פאַלט :
דער נאַקען איז אונז פריי — מיר זיינען פרייהייטס־ברידער.
גייט זיך צוריק צו אייערע אייגענע לענדער.
גאָט בענטשען וועט אייער גיין און אייער קומען
פון היינט אין עביגקייט.
איך קום ערשט איצט פון לאַנגע וואָכען רייזעס.
גייט צוריק צו אייערע ברידער און זאָגט זיי :
”מיר זיינען פריי„. ניט דערפאַר ווייל אויף יהודה'ס פעלדער
צו טויט האָבען געבלוטיגט די גרויסע מחנות פון רוים.



פריי זיינט איר, ווייל איר האָט עס געוואָלט זיין פריי.
און רוים איז טויט, ווייל אין אייער הערץ האָט איר געטויטעט אָפּ
אַ יעדעס געפיל פון שקלאַפעריי, פון אונטערגעבען זיך,
וואָס איינציג און אַליין האָט אייך געמאַכט פאַר שקלאַפען צו
רוים.
(ווענדעט זיך צום אַמבאַסאַדאָר פון שמריה)
אויף דיר, שמריה, ביעט איך היינט מיין האַנט אין פרידען און
פאַרברידערונג.
לאַנג האָט שמריה געצווידערט און גע'ישובט זיך.
דאָס גליק פון וואפען האָט ענדליך פאַר אונז ענטשידען,
און ניט רוים'ס בלוטיגע האַנט האַלט זי דאָס איצט.
זי האַלט די האַנט פון פרייהייטס־דורשטיגע ברידער.
און מיר, די ברידער, מיר שטויסען ניט די האַנט צוריק,
וועלכע, אפשר, וואָלט אַ שוואַכערער גאָט אונז ביי דער זייט גע־
שטאַנען,
אַנטקעגען אונז וואָלט זי געווען געווענדט זיך.
און מיט אַ פולען צוטרויען אויף נעמען מיר די האַנט אָן.
ווייל ס'איז דאָס צוטרויען אין איין עדעלער זאַך.
מיר קעמפען ניט פאַר גאָלד און לאַנד, פאַר שאַף און רינד.
מיר קעמפען דאָ איין עדלען, הייליגען קאַמף,
אַ קאַמף פאַר פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט,
פאַר יענעם פונקען מענשליכען שטאָלץ, וואָס לעשט זיך אויס
נאָר מיט'ן לעצטען פונקען מענש אינ'ם האַרץ.
און ניט נאָר פרייהייטס־שטאָלץ — פאַראַן אַ סך מאָל
שטאָלץ אין שקלאַפעריי. — ווי ס'איז אַ גרויסקייט
פאַר זיין גאָט צו דינען — נאָר ווי אַ פלאַנץ,
געפלאַנצט אויף פרוכטבאַרען באָדען, נאָר וואַקסענדיג
אינ'ם שאָטען פון אַ מעכטיגערער איבער איר
וואַקסענדיגער פלאַנץ, וועלכע באַרויבט איר
פון זון און רעגען, פון פרוכטבאַרקייט פון דער ערד,
ווערט געל, פאַרשרומפט און איינגעקאָרטשעט און פאַגענעט
און פוילט אַוועק אין סאַמע מיטען פון גאָט'ס פרוכטבאַרקייט,
אַזוי ווערט צושטערט דאָס לעבען פון אַ פאָלק,
וועלכעס לעבט אינ'ם שאָטען פון אַן אַנדער פאָלק,
וועלכעס האָט אים אַוועקגערויבט די ליכט פון זון,

דעם פרייליך ברויזענדיגען ווינט,
דעם פאטשענדיגען, באפרוכטבארדיגען רעגען. —
ס'ווערט געל, פארשרומפעוועט און איינגעהויקערט און פארגענעט.
א טויט אינ'ם לעבען טראגט עס.
(מיט מער היץ.)
מיר ווילען עס ניט !
מיר ווילען'ס ניט, געזונטע פעלקער מיר,
בקיין שום אופן אויפגעבען די פרייהייט
צו איין פולבלוטיגען, שיינעם, פרוכטבארדיגען לעבען.
אויף די געפיהלען געשטיצט נעם איך דיין האנט היינט או,
שמריה, און געבען מיר זיך די האנט
איין אונטערדריקטעם פאלק דעם אנדערען.
(זוו אלע גיבען זיך די הענט און בילדען א האלברינג. עקיבא
און בר כוכבה אין דער מיט.)
מיר קעמפען דורך דעם קאמף אנטקעגען פארניכטונג,
דעם קאמף פאר אונזער גאט, פאר אונזער זיך,
פאר אונזער פרוי און קינד, פאר אונזער הויז און אויף —
מיט דערהויבענע קעפ ווילען מיר פאר זיי שטיין!
א געזונטע בלוט זאל אין אונזערע אדערען פליסען,
דער בלאז פונ'ם ווינט, דאס פאטשען פונ'ם רעגען,
דאס פרייליכע, ליכטיגע שטראלען פון דער זון,
פריי זאל עס זיין צו זיי, ווי אויך צו אונז ! —
צו אלעמען פון אונז ! —
דעם רייכען און דעם פוילען תאבה'ניק,
וואס גלוסט נאך אונזער לייב, נאך אונזער לעבען,
נאך אונזער פרוי און קינד, נאך אונזער רינד און שאף,
מיר וועלען שטיין אלע אנטקעגען אים
מיט'ן לעצטען טראפען בלוט פון אונזער גוף !
(פויזע, אלע שטייען מיט געהויבענע קעפ, ענטשלאסען.)
שוין ווייניג דא פאר וואס צו שרעקען זיך.
דאס שווערסטע פון דער ארבייט איז געטאן,
און לעבערליך ערשיינט איצט יע וועלכער פארזוך
פון רוים אונז נאך אמאל אונטער איר יאך צו בויגען.
זיי ברייגנען איצט אנטקעגען אונז יוליוס סעווערוס.
ער איז רוים'ס גרעסטער קאמאנדיר.



ויינע מחנות זיינען אלטע און אין קריג געניטע.
נאר, נאך דעם וואס מיר זיינען איבערגעשטאנען,
איז דאס א קינדער־שפיל. זייערע מחנות
קענען אונז מער ניט ברעכען. לאמיר נאר
שטיין פעסט און אחדות'דיג און טריי !
לאמיר שטיין פעסט און אחדות'דיג און טריי אין אונזערע איינע־
נע לענדער,
פעסט און אחדות'דיג און טריי איינער צום אנדערען.
מיט דער הילף פון גאט וועלען מיר, מוזען מיר געווינען.
(ווי אין א חלום.)
איינינגקייט... אחדות...
דאן וועלען די אונטערדריקטע פון אומעטום זייערע קעפ דער־
הויבען,
זיי וועלען זייערע שוואכע הענט שטארקען מיט די הענט פון זייע־
רע ברידער.
מיר וועלען זיי העלפען צו א שטארקערען לעבען.
דאן וועט קיין שקלאפעריי ניט זיין ; פרייהייט וועט הערשען.
קיין טיראניי ניט — אחדות, ברידער, איינינגקייט !
ס'איז רוים'ס לעצטער פארזוך.
גאט וועט אונז העלפען.

פ ע ר ז י ע ן :
מיר וועלען אונזער לעצטען טראפען בלוט איינזעצען !

מ צ ר י ם :
מיר וועלען קעמפען ווי פארצווייפעלטע !

צ י ל י צ י ע ן :
מיר וועלען שטרעבען ווי דער שטרעבנדיגער נאך לעבען.

כ פ ר ו ת :
און נאך אמאל זאגען מיר : מיר שטייען אדער מיר פאלען.

ש מ ר י ה :
און מיר וועלען ציינען אייך די פארב פון אונזערע הערץ.

ב ר  כ ו כ ב ה :
פון אייך שמריה ערווארטען מיר אם מייסטען.

ש מ ר י ה :
און אין אייער ערווארטונג וועט איר זיך ניט ענטוישען.

ר ב י  ע ק י ב א :
דאַן גייט בשלום און גאָט זאָל מיט אייך גיין.
אַ מ ב אַ ס אַ ד אָ ר ע ן :
ישׂראל'ס גרויסען גאָט פאַרטרויען מיר זיך היינט אַלע.
(אַמבאַסאַדאָרען און בר כוכבה גייען אַפּ געפאָלגט פון רבי עקיבא און תלמידים.)
ר ב י  א ל י ע ז ר : (שטעלט זיך רבי עקיבא אין וועג)
מיט דיר, רבי עקיבא, וויל איך אַ פּאָר ווערטער.
(אַלע בלייבען שטיין.)
ר ב י  ע ק י ב א : (צו די אַמבאַסאַדאָרען און בר כוכבה)
האַלט זיך ניט אָפּ דורך מיר —
איך וויל די מענשען דאָ אַן ענטפער געבען.
(אַמבאַסאַדאָרען און בר כוכבה אַפּ.)
וואָס האָסטו מיך צו פרעגען, רבי אליעזר ?
ר ב י  א ל י ע ז ר :
שאלות, הארבע און ביטערע שאלות.
איך שטיי און פרעג עס דאָ פאַר זיי (ווייזענדיג אויף די פּרושים)
און פאַר די טויזענדער פון זיי,
וואָס שטייען ניט אָ דאָ, און אויב ניט פאַר זיי,
און פאַר די טויזענדער, פאַר זיך אַליין וואָלט איך
געפרעגט עס היינט די שווערע, ביטערע, אַנגעווייטאָגטע קשיא,
וואָס אפשר איז דיר אויך שוין לאַנג קיין נייע ניט.
ענטפער און זאָג — ווייסטו עס ? —
דו האָסט אַ מענשליכע געשטאַלט צו אַ געץ דערהויבען,
און ס'בוקט זיך פאַר זיין אָפּבילד היינט כל ישׂראל.
דו האָסט דיין געץ אַ שטערען־זון אָנגערופען
און ערגער ווי דאָס גהנים ברענט היינט דיין פייער.
דו ווייסט עס, דיין בר כוכבה, דיין פאָלקסבאַפרייער, דיין משיח
דריקט צו דער ערד אַראָפּ דאָס פאָלק מיט שווערע טאַקסעס,
האָט יעדע שטיקעל ברויט און פלייש פאַר זיינע עם הערצ'ישע
מחנות אָנגעזאַמעלט.

קינדער און ווייבער,
זקנים און זקנות האָבען ווי הינט געהונגערט.
זיי האָבען געמוזט טרינקען זייערע אייגענע וואַסער
און לעבען פון זייער אייגענעם מיסט.



ער איז מחלל שבת און מחלל יום טוב געווען ;
ער האָט זיך פאַראייניגט מיט דער טרפה'נער זונה שמריה :
ער מינצט געלט מיט זיין אייגענעם נאָמען ;
ער האָט אין זיין האַנט היינט אַ יעדעם אָקס און שאָף,
אַ יעדע קערנדעל תבואה פונ'ם לאַנד.
איך וויים עס די צייטען זיינען ניט געווען קיינע געוועהנליכע ;
דו האָסט אים ניט געקאָנט אַריינלעגען דעם צוים אין זיין מויל.
איצט איז עס שטיל געוואָרען.
רייס אַראָפּ פון אים די פאַלשע משיח מלבושים מיט וועלכע דו האָסט אים באַקליידט.
נעם אַרוים פון זיינע הענט דעם סצעפּטער, וועלכען דו האָסט אים נעגעבען.
הערא‎ד, ימח שמו, וזכרו, וועט אויסקוקען נעבען אים ווי אַ קינד אין זיין טיראַניי.
ער האָט שוין דאָס פאָלק נעשפּאָלטען אין פיינדליכע מחנות,
ער וועט ברידער אַנטקעגען ברידער שטעלען,
און דער חורבן וועט זיין נאָך טרויעריגער ווי די חרבונות, וועלכע זיינען געגאַנגען בעפאָר אים.
ווייל דער חלף, וואָס וועט האָבען אונזער גאָרגעלס צושניטען,
וועט הייסען אַ געכשרטער פון דיר.
רוים'ס דרוק, עקיבא, צו בר כוכבה איז גערינג ווי אַ פעדער :
רוים האָט איר יאָך אויף אונזערע גופים אַרויפגעוואָרפען,
האָבען זיך אונזערע גופים געבויגען ;
אונזערע נשמות האָט רוים ניט געקאָנט בויגען ;
ווייל פאַר'ן שטאָלץ פון אַ פרייער נשמה איז נאָך קיין יאָך ניט געשמידט.

רוים האָט אונז ירושלים צושטערט,
האָבען מיר יבנה געבויט,
ווערט אָבער אונזער בויען — צושטערונג,
זיינען מיר פאַרלוירענע אויף תמיד.
זיינען מיר חרוב'ע נשמות.
ר ב י  ע ק י ב א :
נאָך פאַרשטיי איך ניט וואָס דו פאַרלאַנגסט, רבי אליעזר.
ר ב י  א ל י ע ז ר : (אין צאָרן)
דו פאַרשטייסט ניט ?

און ישראל האט זיך פון זיין גאט אפגעווענדט,
און האט זיך צו דער פאלשער מאכט פון א מענשען געטוליעט,
און האט זיך צו זיינע פיס געלייגט,
און געזאגט :
דו ווייסט דעם וועג פון די גוים,
דו האסט א שטארקען ארעם און א גיכען,
דו האסט א גלאטע צונג, א ברענענדיגע —
זיי דו אונזער פיהרער !
ווי איבער דיר עקיבא !
וויינינע נאך זיינען אפשר דיינע טעג און געציילטע דא :
זינדיג ניט ווילענדיג און פארגיי אין דיין זינד.
ווארף אים אפ פון דיר דעם אנטשעפעניש פונ'ם גהנים !
וויל אונז גאט בעפרייען
בעדארפען מיר ניט די אונהייליגע האנט פון א זינדיגען בשר ודם.
ער איז מיין אייגענעם ברודערס זוהן, עקיבא,
נאר זיינע וועגען זיינען ניט די מייניגע,
ניט די דייניגע :
ער טרעט ניט אונזערע וועגען, עקיבא !
שטעל אים אפ פון אונז, עקיבא !

ר ב י ע ק י ב א :

ער איז דיין ברודערס זון, רבי אליעזר.
ער איז די האנט פון גאט געוועזן צו אונז אין צייט פון נויט.
ער איז אונזער ערלעזער, אונזער משיח.

ר ב י א ל י ע ז ר :

אה, בלינדער און פארפירטער, אבר בטל'דיגער זקן !
ניכער וועסטו זעהען פון דיין קינבאקען שפראצען דאס גראז,
איידער וועסט דערלעבען צו זען דעם משיח פון גאט.

(בר כוכבה איז ביי די לעצטע ווערטער פון רבי אליעזר אומ־באמערקט אריינגעטראטען, שטעלט זיך פאר אים מיט א דורכבארענ־דיגען בליק.)

ב ר כ ו כ ב ה :

וואס שטייסטו און קוקסט מיך אן ? מיט גרימצארן אן ?
קען איינער ניט זיין פון דיין שורש און דוקא בויען ?
וואס זיינט איר ברוגז אויף מיר ?
און אויפגעבראכטע ?



איך האב פון אייך אייער האב און גוטס געראבט ? —
איך בין קיין פרעמדער ניט צו אייערע קריוודעס. —
און קוה און קאלב, און אייל און קארן גערויבט :
דאך בין איך פעטער פון אייער פעטס געווארען ?
כ'האב געלד געמינצט און מושל מעשה מלך ? —
דאך וויקעלט נאך קיין פורפור ניט מיר דעם רוקען,
און ס'איז מיין שלאס נאך אלץ מיר א געצעלט פון שטוקענדינע פעלען.

איר האט געוואלט זעהן א לעבעדיגען נס ;
די רוימער ארויסגעווארפען פון אייערע גרעניצען,
דעם טעמפעל איבער נאכט אויפגעבויט פון מלאכים,
און אויב ניט א משיח בן דוד אליין,
כאטש א משה זאל קומען צווישען אייך צו שופטען.
און אלץ זאל זיין ווי אין גוטע אלטע צייטען.
איך זאב קיין מאכט ניט צייטען צוריקצודרייען.
די מלאכים זיינען ניט געקומען.
און צו אונזער בויען מוז העלפען אונז שמריה.
גלויבט אין מיר,
האט צוטרויען צו מיר.
מיר מוזען לאזען פאר אונז בויען היינט,
און העלפען אנדערע בויען.
בויט שמריה, ס'איז געבויט,
בויט ווייטער און ווייטער אלץ. —
איר זיינט געוואוינט מיך צו זען רעווען ווי א לייב.
איך וויין און בעט איצט ווי א קינד :
צעשטערט ניט ! — (מיט אמאל, ווילד) — ניין, צושטערט ניט !
זאג איך אייך !
קומט איר צושטערען איצט,
וואס מיט אזוי פיל מיה און פלאג מיר האבען אויפגעבויט,
געבויט דא און פערעדעלט. (כאפט אן רבי אליעזר ביי די שולטערן.)
קומט איר דערשטיקען וואס מיר האבען דערוועקט,
דעם חוש פון אחדות און די ליבע צו פרייהייט,
און איבער אלץ די ליבע צו איין אייגענעם, שטאלצען לעבען,
און קומט מחלוקות זייען, זייען רגזות,
און נאך אמאל שטעלען א גלויבען־פערבלינדעטע פאלק

אנטקעגנען די, וואס ווילען א וועג צו פרייהייט זיך האקען,
א ווילדע מאסע אנטקעגען א נייען בר גיארא ?
איך זאג אייך — דערפאר וועל איך נישט שטיין !
(ער טרייסעלט שטארק רבי אליעזר'ן)

רבי אליעזר:

וואס טרייסעלסטו מיך, ווי ס'טרייסעלט דער ווינד דאס גראז ?
דיין האנט אוועק פון מיר !
דו ביסט דער בלינדער און ווילינג בלינד צו בלייבען,
און ערגער נאך ווי ס'וואלט געקאנט דער רוימער,
שלעפסטו דיין פאלק צו א זיכערער פארניכטונג.

בר כוכבה:

(ווי באוואוסטלאז טרייסלענדיג ווייטער רבי אליעזר.)
ניין, זאג איך דיר, איך וועל עס ניט צולאזען !
ניכער וועל איך מיט דער האנד דערשטיקען מיין אייגען בלוט
און פלייש.
(ער כאפט אן רבי אליעזר'ן פאר'ן האלז. עס דונערט.)

קולות פון די פרושים:

רציח ! מערדער ! משוגענער !
(בר כוכבה איז באפאלען פון זיי.)

בר כוכבה:

(ווי אויבען.)
און גייען איבער דיין קאלטען קערפער אוועק.

קולות:

רציח ! רציח ! לאז אפ !

בר כוכבה:

איידער דורך אייער שגענות'דיגען עקשנות
איבערצוליפערען מיין פאלק,
מיין אייגען בלוט און פלייש,
פאר א גרינגען חורבן צום בלוטדארשטיגען רוימער.

רבי אליעזר:

איך פארגיי !
(העפטיגער דונער.)

בר כוכבה:

(ווארפט אים אפ צו די פרושים, וועלכע האבען אים ארומגע־
רינגעלט.)



אוועק ! (זיי אלע אנטלויפען)

בר כוכבה:

(צו רבי אליעזר)
דו רירסט דיך ניט ? האסט ניט געהערט ?
אוועק ! שפאט ניט פון מיר ! (דער דונער ראלט העפטיגער)
דער דונער ראלט, אוועק ! (בויגט זיך איבער'ן קערפער פון רבי אליעזר)
אה, גאט ! ער ריהרט זיך ניט ! ער איז טויט !
(לאנג אנהאלטענדער דונער.)

קולות פון די פרושים:

(אין דער ווייטענס.)
רציח ! מערדער !
(אנהאלטענדיגער דונער.)

בר כוכבה:

(ווי אויבען)
קומט ! וואו ענטלויפט איר ? איך שריי אייך דורכ'ן דונער.
איך האב געטויט מיין אייגענעם פאטערס ברודער —
קומט, משפט מיך !

קולות:

(ווי אויבען)
רציח, שטעל פאר דיין אייגענעם משפט דיך !

בר כוכבה:

(צו ר' עקיבא, וועלכער איז דורכ'ן גאנג פון דער לעצטען
סצענע געשטאנען אומבאוועגליך ווי א שטיין.)
כ'האב אים געטויט !
דער טאטע דורך דער האנט פונ'ם זון !...
יוכבד, דיין פאטער האב איך געטויט...
(כאר פון פרויען מיט ברריה אלס די פיהרערקע קומען אן.)

ברריה:

(זינגט זעהענדיג בר כוכבה.)
וואס שטייט א טרויעריגער דא און פארצווייפעלט
דער באפרייער פון מענשען ?
טרויערען, טרויערט דער שקלאף,
ווייל זיין שיקזאל איז א טרויעריגעס.
טרויערען, טרויערט דער זינדיגער,
ווייל ער מוז ליידען די שטראף פון זיין גאט.

פרעהליך איז דאָס הארץ פון אים, וואָס איז פריי
און איז ריין פון זינד.
ס'זינגט זיך א שיר צו גאָט,
אינ'ם מינדעסטען טייל פון זיין הארץ.
(זי קומט נעהענטער צו בר כוכבה.)

בר כוכבה:

(אָפּווענדענדיג זיך פון איר)
אוועק פון מיר מיט דיין זינדיגער הלל שטים !
ס'קלינגט דיין געזאַנג ווי איין "אל מלא„ צו מיר.
אוועק ! איך בין קין ! — זעהסטו ניט ?
איך בין מיין ברודערס מערדער, ערגער נאָך,
אוועק !
(פרויען דערזעהען דעם קערפּער פון רבי אליעזר.)

פרויען:

וועה ! וועה ! איבער דיין זינד !

פאָרהאַנג פאַלט.

(דער ווינט ברויזט, דער דונער קראַכט. ס'ווערט טונקעל.)

## אַקט 5

## באַכוס איז אַ געץ; יהוה לעבט

בילד. אַ פּרעכטיגער וויינגאָרטען, דער וויינגאָרטען איז אַרומ־געזאַמט מיט פרוכט־באַלאָדענע, שאָטענדיגע בוימער. אויף די ווייַנשטעק הענגען רויטע, צייטיגע רעבען. אַ קוואַל ריעזעלט אין דער מיט פונ'ם גאָרטען.

צייט. ס'איז אָנהויב אָסיעו, אלישע בן אבויה, אַ שווער פאַרוואונ־דעטער, צעשויבערטער, האַלב געטראָגען פון רבי מאיר, קומט אַריין. ער מאַכט זיך פריי פון אים.

אלישע:

(לאָזענדיג זיך אַראָפּ צו דער ערד.)
קיין שפּאַן שלעפּ מיך ניט ווייטער — איך קאָן ניט מער !
בלוף איבער דיר פאַרעטערישע זונה, שמריה !
קום, רוימישע חיה און שטאָפּ אין מיין טויט־הונגעריגער שטערעווע
דיין בלוטיגען שפּיעז — און מאַך איין ענד
איינמאַל פאַר אַלע מאַל צור נאַרישער פּרעטענזיע
וואָס איר רופט לעבען אָן. (האָרכט) זיי קומען ניט ?
מיר זיינען ווייט אוועק. ס'אַרע שענדליך,
פאַרדערבליכער פאַראַט ! מיר ברענגען מיינע וואונדען !
מיר בראָט און גליהט אַ יעדער עבר פון מיין פאַרמאַטערטען גוף
מיין גוימען לעכצט מיר — וואַסער, רבי מאיר, וואַסער !
מיר דאַכט זיך, איך הער דאָס פּלעטשערען פון אַ קוואַל —
אַ טרונק, רבי מאיר !
(ער שלעפּט זיך צום קוואַל און טרינקט געשמאַק. רעדט ווייַ־טער אויפהעבענדיג דעם קאָפּ.)
ווי קאַלט דאָס וואַסער איז, ווי מחיה'דיג קאַלט,
ווי נאָך אַ לאַנגען ניכטערענדיגען טאָג,

א שכרה, הילכענדיגע נאַכט פֿון ווײַן און ווײַבער און פֿאַרגעסען
זיך.
אָה, ווי זיס ס'איז, רבי מאיר! (בויגט זיך נאָך אַמאָל אָן און טרינקט)
דאָס קיהלט, איך דאַנק דיר שעהנער קוואַל פֿון לעבען!
(קוקט זיך אַרום)
אָה, קוק ווי שעהן איז אַלצדינג דאָ אַרום!
וואָס פֿאַר א שעהנע פֿעטע גרינע גראָז דאָ וואקסט!
די בוימער שטראַצענדיג מיט האָניג פֿרוכטען —
דער הימעל אַזוי בלוי, טיף אַפּאַל בלוי...
די זון ביים אונטערגיין — א ראַזאַ־שטריך אין מערב —
נאָך ניט קיין גרויער — און דאָ דער ווײַנשטאָק,
מיט רעבען אָנגעלאָדען ווי צום צוברעכען.
(שטרעקט אויס אַ האַנד, רייסט אָפּ אַ רעבען שטענגעל, קוקנדיג
אויף דעם.)
מיט גאָלדענע, רויטע, זאַפֿטיגע, ווײַניגע רעבען —
מיט שכרות געהרנדיגע, לאַכענדיגע פֿונ'ם טויט. (לאַכט ווילד)
אה, אה, אה, אה, רבי מאיר,
פֿאַרע לעבערליכער און נאַרישער היפּאָקריט איך בין!
איך שלעפּ דעם ליגען פֿון מיין עלענד לעבען
מיט מיר אַראָפּ אינ'ם וויסטען, שפּעטענדיגען קבר.
אַלץ, רבי מאיר, אַלץ איז געווען א ליגען.
א נאַרישער, וויסטער, פֿינסטערער ליגען אַלץ.
(ער צעקוועטשט די טרויבען אין דער האַנד און באַטראַכט דעם
זאַפּט פֿליסענדיג דורך די פֿינגער.)
קוקט דאָס אויס ווי א ריינער, זאַפֿטיגער עלעקסיר פֿונ'ם לעבען?
ס'איז דער מאַריכזאַפּט פֿון מיין גאַנץ לעבען.
ס'איז א שמוציג, זויערער הזרישער זאַפּט.
הער, באַכוס, דיאָניזאָס אויב דו האָסט אויערען
דו גאָט פֿון שכור'ר־פֿרייד און הילכענדיגע נעכט —
דו ביזט א געץ!
א פֿאַלשער, היידנישער, חלשות'דיגער געץ!
א זינדיגער ריח, א שפּעטענדיגער שד,
וועלכער אין קלאָרקייט פֿון בלויע זומער נעכט
גרעבצט זיין פּרעטענציעזע גאָטהייט אויס.
און ברעכט אין העלער מיטאָגדיגער זון



זיין חלשות אָפּ איבער די ברייטע גאַסען.
סם איז דיין כוס — סם, זאָג איך דיר.
ווי אָפֿט נאָך ווילד באַוועגטע, ניכטערנדיגע טעג
האָב איך געטרונקען פֿון דיין סם, און געגאַרט
שכרות, איי שכרות — און מיט יעדען טיפֿערען טרונק,
איז טרוקענער נאָך מיין ניכטערנקייט געוואָרען.
און מיט דעם כוס ביזטו געשטאַנען און געלאַכט,
און אין מיין הינטישער בעגיער בין איך דיר נאָכגעפֿאָלגט.
דאַן האָבען די חכמים געצויגען זייערע אַקסלען
רחמנות'דיג געקוקט אויף מיר און מיר געבעטען:
„קום מיט אונז!
„אין אונזער גאָט וואַרטען אויף דיר קיינע ניכטערנדיגע טעג".
ביזטו געשטאַנען ליץ און האָסט געשפּעט:
„קאָן פֿליכט פֿאַרשכרען?"
ווי האָט מיין איך אין מיר געגלוסט
צו זיי צו געהן,
און צו זיי צו זאָגען:
„קומט, מיר וועלען געהן מיט אייך,
פֿאַר'שכר'ן זיך מיט אייך,
„אין די צעהן טויזענדע חוקים און משפּטים,
„און יעדע וואָרט,
„אין יעדע אות.
„פֿון וואַנען עס פֿליסט פֿאַר אייך דער לעבענסווײַן,
„דער גייסט פֿון גאָט —
איך רעד ווי פֿון א פֿיבער, רבי מאיר.
אַלץ איז צו שפּעט.
רבי עקיבא איז אָבער א גרויסער און גליקליכער שכור — ניט?
דערמאָנסט זיך נאָך די לעצטע פּסח נעכט?
גרוי איז געווען די לופֿט און קלאָר ווי טאָג דעמערונג.
אין לייכט פֿאַרשלייערטען, בלויליכען אַזור געבאָדען,
זיינען געשטאַנען די בוימער ווי פֿאַר'כשפֿ'טע,
האָבען טרויעריג די פֿריש באַוואַקסענע קעפּ זייערע געשאָקעלט,
זיך באַריהרט און געשעפּטשעט ווי שעהן געפֿאַרעמטע,
נעפּעל געבאָדענע, נאַקעטע מיידלאַך מיט צופֿלעטערטע האָר,
און קושענדיגע ליפּען רוימען זיך איין א סוד

אין דער לבנה נאכט — און די לבנה האט געצויגען
ווי ס'ציהט א פארבלאנדזשעטע קינד ביי דער נאכט
נאך איין אפרוה, איין עלענדע קינד :
קום מיט מיר, פאלג מיר נאך, פאלג מיר —
געפין איך א היים געפינסטו מיט מיר.
די שטאט האט געברענט, א פלאמפייער פון איין עק צום אנדערען.
דער מלאך המות האט אין יענער נאכט געשפרונגען און געטאנצט
דורך די גאסען.
דו עדלינקער ביזט ביז אין די קנעכעל אין מענשען־בלוט געשטאנען.
האסט דיינע הענד אין מענשען בלוט געוואשען — און איך —
איך בין געלאפען אין יענער נאכט מיך טוליען צו פריש באוואק־
סענע בוימער,

צו דעם פארבלאנדזשעטען, מאטען לבנה־פנים,
צו די הייסע ברוסטען פון תאבה'דיגע ווייבער —
כ'האב געזוכט דעם גען דיאניזאס ;
בין איך פארבייגעגאנגען א קאליזעאום.
ביים טיש זיינען געזעסען גאט געבענטשטע
ווייל אין גאט פאר'שכור'טע מענשען
און האבען צו יהוה'ס מלאכים געזונגען
„שלום עליכם
„מלאכי השרות."
בין איך אריינגעשפרונגען צווישען זיי,
און געזונגען צו באכוס :
„קום, באכוס, דיאניזאס.
„ברענג לעבען צו די אפגעשטארבענע".
מיין קול האט געשפאט פון מיר.
איך בין געווען דער אפגעשטארבענער,
זיי זיינען געווען די לעבעדיגע.
דעמאלט האט זיך אויפגעדעקט צו מיר די שאנד פון מיין גען ;
און מיין הארץ האט זיך געבויגען בעפאר דער שטארקייט,
וואס וואוינט אין דעם בטחון פון איין עקיבא,
און אין די, וועלכע זיינען געשטאנען ביי איהם.
פרייד איז געווען דעמאלט אין מיין הארץ איבער זייער גרויסקייט.
מיין נשמה איז פון וועה צוגאנגען איבער מיינע פארבלאנזעטע טעג.
איך בין ארויס און געשריען און געוויינט ווי א קליין קינד.



נאכגעקלונגען האבען מיר די ווערטער, וועלכע מען האט דעמאלט
אין דער שטוב געזונגען :
שמה ישראל, יהוה אלוהנו, יהוה אחד ! —
יא, רבי מאיר, אונזער גאט איז איינער — באכוס איז גלאט
א רוימישער גען.
הער, רבי מאיר, ס'קען מעגליך זיין,
מיר זאלען אין דעם לעצטען קאמף אנטקעגען סעווערוס ניט בא־
שטיין.
ס'איז מעגליך, די מחנות פון אלעקסאנדריען און פערזיען
וועלען קומען צו שפעט מיט זייער הילף ;
מעגליך אויך, אז בר כוכבה אין בתר וועט אונז ניט קענען בא־
פרייען ;
און דאס טרפה'נע שמריה וועט ניט צאהלען פאר זיין שמוציגען
פעראט.
דעם ווילען פון גאט קענען מיר ניט דערפארשען.
ס'איז ניט קיין פראסטער, ניכטערער, מענשליכער ווילען.
ישראל'ס גאט איז אבער און בלייבט איינער.
הער, איך זאג דיר דאס :
„ער בלייבט דער איינער גאט".
אפשר דארף שמריה אזוי גיך ניט באצאהלען.
אפשר איז בר כוכבה גלאט א בר כזבה, א זוהן פון שקר.
ער האט דעם אמת'ן גאט ניט געקאנט.
ער קאן אים אפשר איצט אויך ניט.
אפשר באצאהלט ער איצט פאר דעם ניט צוהערען זיך צו רבי
אליעזר :
ווער ס'קעמפט איין הייליגען קאמף, מוז דאס טאן מיט הייליגע
וואפען.
א שטרענגער איד געווען איז רבי אליעזר, אבער איין הייליגע.־
א נביא בנוגע צו זיין אבשוי פאר דער זונה שמריה, איין אמת'ער
מענש.
מיך האט ער פיינד געהאט. האב איך זיין ליבע
פארדינט, איך, אחר, דער דבר אחר —
פארדאמטער פרעטענציעזער גען פון הילכענדיגער שטארקייט !
(פויזע)
זעה, רבי מאיר,

ס'איז נאך פולקייט פון זומער ארום מיר.
מיינע ציין זיינען נאך שטארק :
מיינע ליפען נאך ניט איינעקארטשעטע און פארבלאסטע :
איך פיהל איבער מיין קערפער נאך ניט דאס איינשרומפעווען און
די קעלט פונ'ם עלטער :
מיין בלוט פרעסט איצט מיט דער היץ פונ'ם פיבער,
ברענט מיט וואונדען אין דער שטורעמדינער שלאכט געשלאגענע.
וויפיל עלענדער וואלט איך געווען אונטער'ן געשפעט פונ'ם געץ,
זעהסטו,
וואלטען מיינע ציין שוין געווען אויסגעפאלענע,
מיינע ליפען איינגעקארטשעטע,
מיין בלוט מיט קאלטער אנמאכט דערפילטע,
מיין הויט איין איינגעפורכטע און בלאסע שרינטען —
נאט ! (ער רייסט זיינע באנדאזשען אויף)
פלים בלוט ! קום טויט !

ר ב י  מ א י ר :

רבי, רבי, וואס טוסטו דא ?

(צושפרינגענדיג)

א ל י ש ע :

(רייסענדיג נאך מעהר)

לאמיך ! לאמיך, רבי מאיר. איך בין פארפיהרט,
מיר שוידערט פאר'ן ווייטערען וועג. אזוי איז דאס קירצער.
איך בין פארפיהרט, לאמיך !

ר ב י  מ א י ר :

(וויינענדיג הילפלאז)

רבי... רבי...

א ל י ש ע :

שטיל... שא, רבי מאיר, וויין ניט, איך דאנק דיר. דיין ליבע צו מיר איז געווען ווי ערדעלע בשמים. ס'האט היילונג געבראכט צו מיין הערץ. דו האסט דיך ניט ביז צולעצט געשעמט ביי מיר דעם חזיר, דעם דבר אחר צו שטיין. דו האסט געגלויבט אין מיר — איך דאנק דיר !

ר ב י  מ א י ר :

(קלאגענדיג)

מיין שטאלצער, שעהנער, אומגליקליכער אלישע !



א ל י ש ע :

שא ! הער ! בר כוכבה איז נאך אלעמען געווען א שעהנע, ערדעלע נשמה. איך האב א געפיהל אז ער איז ניטא מעהר. ניט קיין גרויסע נשמה, אבער איין ערדעלע. זיין גאט איז געווען צו קליין. רבי עקיבא איז דער גרעסטער מענש. זיין גאט איז דער גרעסטער. זיי וועלען איהם טויטען די רוימערס. אבער פאר אזעלכע ווי ער איז קיין טויט ניטא. זיי לעבען אינ'ם טויט. זעהסטו אים נאך אינ'ם לעבען, זאג אים, אחר האט עס געזאגט: „יהוה לעבט און באכוס איז א געץ". זאג צו אלע אידען, אליעזר איז געווען גערעכט: „אין א הייליגען קאמף קעמפט מען מיט הייליגע וואפען !" — פארשלעפ מיך ווען איך בין טויט צום ברעג פונ'ם ים. איך וויל הערען דאס רוישען פונ'ם וואסער. לאז מיין קבר אפען — באדעק עס נאר מיט גרינע בליהענדיגע צווייגלאך. איך האב מורא פאר דער שווארצער בלאטיגער ערד — לאז מיין קבר אפען — דער בלויער הימעל זאל ארייננקוקען. די פארבלאנזשעטע לבנה זוכענדיג א היים — פריש צובליהטע ביימער — נעפעלגעבאדענע, שעהנגעפארמטע, נאקעטע מיידלאך מיט צופלעטעטע האר — דער ווינד זאל ברויזען... א בלייכע לבנה — באכוס איז א געץ, יהוה לעבט...

(שטרעקט זיך אויס און שטארבט. רבי מאיר בויגט זיך איבער איהם קלאגענדיג.)

פארהאנג פאלט לאנגזאם און הויבט זיך גלייך אויף.

## צווייטע סצענע

בילד: טעמפעל בארג ווי אין ערשטען אקט. דער בוי פונ'ם טעמפעל איז אנגעהויבען געווארען. אלטע מענער און פרויען ווערען געזעהן ארבייטענדיג אלס לאסט־טרעגערס, בויערס און מויערער א. אז. וו. רחל, דא פרוי פון רבי עקיבא איז די אויבער־אויפזעהערין פונ'ם בוי. אן אלטע אידענע מיט א טראגשטענדיל קומט. רחל נעמט אראפ דאס שטענדיל פון אירע פלייצעס און לייגט אן א פאר שטיינער. די אלטע רייסט איר נאך א פאר שטיינער פון די הענט ארויס.

ר ח ל :

(אפהאלטענדיג איר)

גענוג, גענוג, איר עקט זיך דאך אוועק.

אלטע אידענע: (ברוגז)
וואס זשאלעוועסטו א שטיין ? גיב נאך א שטיין.
ס'וועט גאט דיר ניט דיין עולם הבא זשאלעוועז.

(די אלטע אידענע גייט אפ. ר' חנניה קומט מיט זיין טראג־שטענדיל. רחל נעמט עס אראפ און זוכט איהם אנצולייגען וואס וויי־ניגער. זוכט איהם צוריקהאלטען.)

רחל:
ס'זעצט זיך שוין די זון אין מערב זייט.
לאזט זיין גענוג פאר היינט, רבי חנניה,
איר זיינט דאך אויסגעהארעוועט און אויסגעמאטערט.
אויך פלאגט דער דורשט און הונגער אייך די גופים.
קיין איבעריגעס צו עסען איז ניטא.
און אויף די אלטע ביינער וועגט אויך ניט צו גרינג
די שווערע שטיינער און דער דערשטיקענדיגער זאמד.

ר' חנניה:
(הויבט זיך אויף פון זיין ארבייט, נעמט דאס טראגשטענדיל אויף די פלייצעס)
ווען עמיץ בויט צו זיין גאט א הויז,
איז אים קיין ערדענע פראסטע לאסט צו שווער.
לייג, שוועסטער, נאך א שטיין און נאך איינעם,
און לייג וואס מער און מער. די לאסט ווערט לייכטער
און אנגענעהמער אלץ ווערט אונזער לאסט
וואס טיפער ס'בוקט דעם גוף צו דער ערד אראפ אונז.

(ר' חנניה גייט אפ. רחל גייט צו און צים דעם גלאק זייענ־דיג מבשר דאס די ארבייט פונ'ם טאג איז פארביי. רבי עקיבא קומט אן מיט זיין שטענדיל.)

רבי עקיבא: (צו רחל)
האסטו שוין דעם גלאק געצויגען ?
און ס'וואלט זיך געגלוסט מיר, ליבסטע, דיך היינט צו בעטען
נאך א פאר שעה פון ארבייט אונז צו ערלויבען.
די זון האט זיך נאך ניט געזעצט און ליכטיג
איז גענוג — און מיט אזא חשק ארבייט זיך עפעס היינט ! —

רחל:
מיין מאן, דו אלס דער עלטסטער ביסט מחיוב
דעם ארדנונג צוערשט צו פאלגען. — דער טאג



איז געווען הייס און לאנג, די מענשען
אויסגעפלאגטע און אויסגעהונגערטע,
און הארץ און מוח פון יסורים צוריסענע.
קוון שום בשורה, וואס ס'הערט זיך מיט די אונזעריגע
איז נאך ניט צוגעקומען ; און קלאנגען טראגען זיך
ניט קיינע זעהר פרעהליכע. — א סך מאל ציטער איך,
אה, זיי מיר מוחל, מאן, פאר יעדען שטיין,
וואס הערבט זיך אויף די מויערען יענע דארט,
ער זאל ניט ווערען אויפ'ן הארץ א שטיין
פון שטאלצע ווערען און פיינליכע חלשות.
און צו יענע מענשען פארקאכטע אין זייער בויען,
פון הונגער, דורשט געפלאגטע, פון האפנונגען פאר'שכר'טע.
קומט מיר א סך מאל אן צו זיי צו שרייען,
צו זיי צו רופען : — „וואס בויט איר ?
„וואס עקט איר זיך אוועק אומזיסט ?
„אומזיסט וואשט איר מיט זויערען בלוט־שוויים די גלידער אייערע !
„אומזיסט ברענט אייך די היץ פונ'ם טאג,
„שטיקט אייך דער ברענענדיגער זאמד — אומזיסט !
„בחנם איז אייער גאנצער אפמיהען זיך.
„אייער גאנצער בוי בלייבט אפשר נאר א ליידיגער חלום.“

(די ארבייטער זיינען זיך צונויפגעקומען. א פאר עלטערע זעט מען נאך ארבייטען.)

רבי עקיבא:
איז דיין בטחון דיר אזוי שוואך געווארען
צו האט די מיה פונ'ם טאג, די שווערע דעגות
איבער די אונזעריגע, די טרויעריגע קלאנגען
פון אומגליקען, וואס האבען זיך צו אונז געטראגען,
דיין מוט דיר אפגעשוואכט ?

(ברריה קומט צו לויפען פון דער שטאדט ווי אין א גרויסער אנגסט עפעס צו דערציילען. ר' עקיבא זעט זי און שמייכעלט. ברריה שווייגט. זי קוקט אויס ווי פארצווייפעלט. זי הערט זיך אבער צו ווי עקיבא רעדט ווייטער.)

צו ס'איז איין אמת אין די קלאנגען יענע,
צי ניט — פארוואס די אומרוהה אונזערע
ס'לעגט א יעדעס יאר אינ'ם אפענעם שרינט

פון דער ערד, דער בויער זיין זאמען, און גאָט,
שיקט אפטען ניט קיין זון, שיקט ניט קיין רעגען,
בעפרוכפערט ניט די ערד — און ס'שפראָצט
ניט קיינע פרוכטען — צו ס'קומט שוין זון און רעגען,
און פרוכבאר איז די ערד —
און ס'וואַקסט און שפראָצט,
און ס'קומט א היישעריק צו א שטורימווינד אָן,
און אַלץ ווערט תל, וואָס פריהער האָט געבליהט,
זאָל שוין דער מענש ניט בויען ?
בויען זאָל דער מענש ! —
דאָס ווערק פון צערשטערונג איז גאָט'ס.
צו זאָל איך, אפשר, פראָסטער בשר ודם,
איך ווארים פון דער ערד, היינט קומען,
א דעה זאָגען אים, וואָס מלכ'ט איבער וועלטען ?
ניין ! „עד מתי איך האָב געלעבט, האָב איך געבויט.“
דאָס וויל איך זאָגען מיט שטאָלץ צו דעם בורא מיינעם.
צי ס'איז אין דיין חכמה, גאָט, געפעלען דיר,
חרוב צו מאַכען וואָס איך האָב געבויט.
דיר, גאָט, אַליין פאַסט דאָס רעכט פון דעם צושטערונג.
(פויזע. ווענדענדיג זיך צו רחל.)
און דו, ביסטו ניט מער צו מיר די טאָכטער פון קלבה שבעה,
די מיידעל, וואָס איז געקומען צו מיר, איר פאָטערס פאַסטוך,
און האָט געזייט א זאָמען אין מיין הארץ,
וואָס האָט געטראָגען מיר אַזעלכע זיסע פרוכטען.
געדולדיג האָסטו און עלענד אויף מיר געווארט,
צוואַנציג יאָר מיט אייזערנעם בטחון אינ'ם גרעסטען עלענד.
און ווען נאָך צוואַנציג יאָרען בין איך געקומען,
דער חתן איז געקומען צו זיין כלה,
נאָך צוואַנציג יאָהר איהר געבען דעם כבוד,
רייכטום און גליק, וואָס ער האָט פאַר איר ערוואָרבען,
האָב איך געהערט ביים אריינגאַנג פון דער טיר
א קול ריידען צו איר : —וואָלט איך געוועזען דו,
האָט געזאָגט יענע קול, איך וואָלט עס ניט געקאָנט
פון יעדעם גליק פון וועלט אָפּזאָגען זיך,
און עלענד לעבען די גאַנצע צוואַנציג יאָר,



און איינציג פאַר א מאַן, וואָס איז שוין צוואַנציג יאָר אַוועק.
און דו — דערמאָנסט זיך נאָך דעם ענטפער וואָס האָסט געגעבען ?
ער, וועמען איך האָב ליב, לעבט פאַר זיין גאָט און פאָלק,
און נויטיגט זיך אין אים זיין גאָט און פאָלק,
מיט פרייד ווארט איך אַזוי נאָך אַן אַנדערע צוואַנציג יאָר.
באַשעמט בין איך פון דאָרט אַוועקגעגאַנגען,
און אַנדערע צוואַנציג יאָר נאָך געבויט און געבילדעט,
דאַן ענדליך האָב איך געטראַכט דיך ווערט צו זיין.
און דו — מיט אַזאַ בטחון צו א מענש
האָסט קיין בטחון מער ניט צו דיין גאָט ?
(צו די אַרבייטער) קומט !
דער טאָג איז קורץ, די אַרבייט איז נאָך לאַנג,
לאָמיר ניט פיהלען, מיר זיינען פויל געוועזן.
ב ר ר י ה :
(וועלכע איז געשטאַנען די גאַנצע צייט ווי גרייט עפּעס צו זאָ-
גען, שרייט אויס ענדליך מיט א געוויין.)
אָה, רבי, רבי, אומזיסט, אומזיסט דיין בויען,
ס'וואַנקט און פאַלט דער בנין.
מיר וואַקלען זיך איצט אַלע און פאַלען, פאַלען —
רבי, איז דאָ איין הילף ?
שמריה האָט מיט סם פאַרגיפטעט אונז די געדירים,
זי האָט אַנטקעגען אונז איר טרפה שווערד געצויגען,
און האָט פאַרניכטעט מיט סעווערוס הילף
די מחנה אונזערע, וואָס איז איהר געקומען העלפען.
ר ב י ע ק י ב א :
ווער האָט דאָס אַלעס מבשר געוועזן דיר ?
ב ר ר י ה :
א קליינער טייל פון אונזערע זיינען אַוועק.
אלישע, מיין חתן, ער וואָס איר האָט אַנגערופען אחר,
האָט פאַראַט דערשמעקט און מיט א קליינעם בינטעל
האָט ער זיך דורכגעשלאָגען. —
נאָר וועלענדיג אָפּראַטעווען דעם טייל
האָט ער דעם שונא פאַרלאָקט אויף זיינע טריט,
געפאַלגט איינציג אויף זיין פלוכט פון רבי מאיר ;
און די, וואָס זיינען דורך זייער אָפּפער געראַטעוועט,

זיי אלע דענקען דיביידע זיינען ניט מער דא.

ר ב י ע ק י ב א :

אלישע — רבי מאיר... די וואלקען און די בלום.
ס'ארא שטורם ס'האט אין יענעם ערדלען הארץ געקעמפט,
ווי שווארץ און מורא'דיג איז געווען זיין אויסקוק,
ווי זילבערן און ערדל זיין דענקען און זיין ווילען!
ביסט טויט, דו ארימער אלישע, געפין רוה!
און רבי מאיר —
ערדל ווי א בלום; זיס ווי א שטראם פון האניג,
ס'קאן ניט זיין ער איז טויט, מיין רבי מאיר!
ווער האט די בשורה דיר געבראכט, ברריה

ב ר ר י ה :

רבי ישמעאל, אונזער כהן גדול — נאר זעה!
דארט שלעפט ער זיך אליין אהער דיר עס צו זאגען.

ר ב י ע ק י ב א :

(געבענדיג ר' ישמאל זיין האנט)

הייסט עס ס'איז אמת פון שמריה, ר' ישמאל?

י ש מ א ל :

יא, נאך אמת אזוי מיאוס.

ר ב י ע ק י ב א :

און פון בר כוכבה האט איר גארניט געהערט?

י ש מ א ל :

ס'הייסט ער איז נאך אין בתר,
באלאגערט דארט שוין איבער דריי וואכען פון סעווערוס.

ר ב י ע ק י ב א :

(צו אלע וואס שטייען ארום אים דערשלאגענע)

וואס שטייט איר דא אזוי פאר'צרה'ט אלע?
בר כוכבה קעמפט נאך אין בתר.
דאס פערזישע חיל איז שוין איבער'ן פרת
הילף פון מצרים איז אויך נאהענט.
און אונזער גאט איז דאך אויך ניט געשטארבען.
מיר וועלען ניטווארפען פון זיך די וואפען און זאגען:
הפקר איז אלץ, פארלוירען. א טאג צו צוויי
און מיר זעהען הילף. — זיינען מיר דאך שוין געוואוינט
צו צער. — ס'איז אונז דאך ניט צום ערשטען מאל.



רבי תרדיון, איך בעט דיך, ברייננ דאס ספר.

(א ספר תורה ווערט געבראכט)

ווען מען האט דאס בית שני געבויט איז דאך עס ניט געווען אונז גרינגער. אזוי דערציילט נחמיה, יעמאלט: (לייענט)

„ווען סנבלט, טוביה, די ערבים, די אונים און די אשדודים האבען דערהערט אז די מויערען פון ירושלים זיינען צוריקגעבויט געווארען, און דאס די איינגעבראכענע ערטער האבען אנגעהויבען פארשטאפט צו ווערען, האט עס זיי זייער פארדראסען; האבען זיי זיך אין איינעם פארבונדען צו קומען מלחמה האלטען אין ירושלים, און שטערען זייער ארבייט, האבען מיר צו גאט געבעטען און אנגעשטעלט א וואך אנטקעגען טאג און נאכט זיך שרעקענדינג פאר זיי. — און יהודה האט געזאגט: די קראפט פון די לאסטטרעגער איז שוואך געווארען, און דער שטויב איז גרויס, מיר זיינען ניט אימשטאנד צו בויען די מויערען. — און אונזערע שונאים האבען געזאגט: זאלען זיי ניט בויען, זאלען זיי ניט מערקען, ביז מיר וועלען אריין צווישען זיי, און מיר וועלען מאכען אייז ענד צו זייער ארבייט מיט זייער טויט. און די יהודים, וואס האבען געוואוינט צווישען זיי, זיינען פון אלע ערטער געקומען און צען מאל געזאגט צו אונז: איר זאלט זיך אומקערען צו אונז און ניט בויען און ניט בילדען. האב איך אנגעשטעלט וואך אין א נידעריגען ארט, הינטער'ן מויער־וואנט; אין שטיינלעכער האב איך די מענשען אנגעשטעלט. גרופענווייז מיט זייערע שווערדען, שפיזען און בויגענס. אז איך האב זיך ארומגעזען, האב איך געזאגט צו די אדעליגע, פירשטען און איבעריגע לייט: — „שרעקט אייך ניט פאר זיי, געדענקט דעם גרויסען און מעכטיגען גאט אונזערען און געדענקט, און קעמפט צוליב אייערע זין און טעכטער, צוליב אייערע ווייבער און הייזער“... פון יענע צייט אן האבען העלפט פון מיינע ברידער געבויט די מויער־ווענט פונ'ם בית המקדש, און העלפט האבען געהאלטען וואך. מיט שפיזען, פאנצערס, בויגען און געהארנישטע קליידער זיינען זיי געשטאנען הינטער'ן הויז פון יהוה; די מויער־וואנט־בויער, לאסטטרעגער און אנלאדער האבען מיט איין האנט געטאן די ארבייט און אין דער אנדערער געהאלטען דאס שווערד. די מויערער האבען געהאט יעדען זיין שווערד אנגעבונדען אויף זיינע לענדען בויענדיג, און קיינער האט זיינע קליידער ניט אויס־

געטאָן. איטליכער איז געגאַנגען מיט זיין שווערד אפילו נאָך וואסער."

אזוי האָבען זיי געבויט דעם בית שני;
און גאָט האָט זיי ניט געלאָזען פאלען,
און אויף רוים׳ס גזרה וואָס זאָלען מיר ענטפערען.

(ס׳איז שטיל. קיינער רעדט קיין וואָרט ניט. מען שטעלט זיך נאָך אַמאָל אָנלאדען די שטיינדלאך. דער מאָמענט איז אַ הויכער, אידענעס ווישען זיך שטיל די טרערען פון די אויגען. אַ מאַסע פאלק שטופט זיך אן מיט אַמאָל אויף דער סצענע. ס׳זיינען פליהענדיגע מענער, פרויען און קינדער.)

קולות:

אנטלויפט, רבותי, מיר זיינען פארלוירען אויף תמיד.

רבי עקיבא:

(איינשטילענדיג.)

שא, שטיל! האָט אייך אויף דער פעראט פון שמריה איבערגעשראָקען? שא! האָט בטחון, אלץ איז נאָך ניט אזוי געפערליך — מאַכט א פרעהליך פנים. — בר כוכבה האלט נאָך בתר; אין א פאָר טעג ארום וועלען מיר האָבען דאָ פערזישע און אלעקסאנדרינישע חיל און מיר אליין זיינען דאָך אויך נאָך ניט קיין טויטע. און אונזער גאָט איז דאָך א לעבעדיגער גאָט. און די ריכטיגע געפאר וועט צווישען אייך אויך היילען די רגזות און מחלוקות, און די חלקי דעות, וואָס האָבען געמאַכט אזוי גרינג צו סעווערוס אריינצודרינגען אין אונזער מיט.

ענות פון אלעקסאנדריען:

אָה, רבי, וואָס רעדסטו דאָ פון האָפנונג? בתר איז געפאלען — דריי לאַנגע וואָכען האָט עס אויסגעהאלטען. דריי לאַנגע וואָכען אָהן ברויט, אָהן וואסער, אָהן וואפען אויסגעהאלטען. דריי לאַנגע וואָכען איז סעווערוס געשטאַנען און ניט געוואגט עס אָנצוריהרען; ניט פון קיין ווינקעל געוואגט זיך בתר צו דערנענטערען. די פערטע וואָך האָט ער געוואגט א שטיין אנטקעגען די מויערען פון שטאָדט צו שליידערען, און ווי ס׳האָט קיינער ניט פון אינעווייניג געענטפערט, האָט ער, באשיצט פון זיינע וואַרפמאשינען און א גאַנצער וואלד פון שפערען, דער פעסטונג זיך דערנעהענטערט, אויף דער פעסטונג ארויפגעשפרונגען — א גרויס בית עולם האָט ער



דאָרט געזען. קיין נשמה איז ניט געווען א לעבעדיגע דאָרט און ווי א מעכטיגער צעדער פונ׳ם שטורם א צובראָכענע, איז געלעגען אין מיט פון זיינע געטרייע בר כוכבה.

פאָלק: (קלאָגענדיג)

ווי איז צו אונז! מיר זיינען פארלוירענע!

רבי עקיבא:

(נאָך אַ ווייל נאָכדענקענדיג).

איז אויף בר כוכבה טויט? דער ווילען פון גאָט
איז אונפארשטענדליך צו דעם מענשען׳ס שכל.
די וועג פונ׳ם אל העולם אומקלאָרע ליגען זיי
פאר אונזערע אויגען — גאָט האָט געגעבען
און גאָט האָט גענומען — ברוך דין אמת.

יעקב פון דמשק:

(קומט צו לויפען)

אָה, ראַטעווע דיך, רבי, ראַטעווע דיך!
ס׳פאלט דער דאך איבער אונזער הויז צוזאמען,
א שטורמווינט רייסט די קרוין פון אונזער קאָפּ אונז
אין עמק יזראל שטייען שוין די רוימער,
און שרעקליך איז זייער גאנג ווי פונ׳ם מלאך המות.
אין קאזאריא האָבען זיי געכאַפּט נפתלי פון רוים.
זיי האָבען אים באשולדיגט, אז ער האָט
דאָס גאנצע גאָלד פון רוים אוועקגעצויגען
און אונמעגליך עס געמאַכט פאר רוים דעם קריג צו פירען.
מיט הייסע קאמען האָבען זיי אים געקאַמט,
א יעדע גליד אים אַ טויזנטמאָל געטויט,
און מיט נאָך אַ הייסען קלאַפּענדיגען הארץ,
האָבען זיי אים געקרייציגט אין סאַמע מיט פון שטאָט.
און איבער׳ן קרייץ האָבען זיי אויפגעשריבען:
„דאָס וועט געשען א יעדען שונא פון רוים";
און שונאים פון דער ארט פונ׳ם רוימישען רייך.
זיינען עפּעטליך געוואָרען ערקלערט, דו, רבי,
און אלע די, וועלכע זיינען ביי דיר געשטאַנען
און געבילדעט נאָר אַ טייל פון דיין סנהדרין.

(עס ווערט אַ טומעל)

קולות:

אנטלויפט, אנטלויפט, רבותי!

אנדערע:

מיר זיינען טויטע און לעבעדיג באגראבענע.

אנדערע:

אנטלויפט און ראטעוועט זיך און ראטעוועט אונזער שטאלץ!

רבי עקיבא:

(בארוהיגנדעג)

שא, שטיל!
יעקב פון דמשק, זאגסט נפתלי פון רוים איז טויט?
רבותי — א שיינער איד געווען, און אויך א שיינער טויט.

קולות:

(ליארעמענדיג נאך אמאל)

רבותי, רבי אנטלויפט!

רבי עקיבא:

(ווי אויבען)

שטיל זאג איך! רבותי, און איבערכאפט זיך ניט.
א וואו ווילט איר זאל איך דאס לויפען איצט?
איך בין אמאל געזעסען אויפ'ן פעלד
מיט די תלמידים מיינע, תורה געלערענט.
ערהויבט זיך אויף אמאל א גרויסער שטורם,
די וואלקען ווערען מיט אמאל שווארץ און געשוואלען.
די בליצען שיסען דורך דער טונקעלער כמארע.
-ער דונער קראכט, א יעדע שטיקעל גראז
דערציטערט ווערט עס ביז צו זיין טיפסטען ווארצעל.
און שווערע טראפען רעגען פאטשען אראפ,
און גראבע האגעלקערנער ווי צום דער'הרגה'נען.
פון שרעק דערגריפען לויף איך
און נאך מיר לויפען די תלמידים מיינע.
און פונקט וואו מיר האבען שוין באלד דערגרייכט דאס הויז,
וואס איז באשטימט צום שוץ פאר'ן וועכטער פונ'ם פעלד,
און וואו מיר אליין האבען געהאפט אן ארט צו געפינען זיך
דעם שטורם איבערצושטיין, קלאפט איין דער בליץ
אינ'ם דאך פונ'ם וועכטערס הויז, און אין ווייניגע רגעות
שטייט דאס גאנצע הויז אין פלאמען — דער דונער שווייגט,



די וואלקען טיילען זיך — א פרייליכע לאכט די זון.
צו מיינע תלמידים האב איך דאן געווענדעט זיך:
וואלטען מיר דערגרייכט דאס הויז, וואו מיר האבען געטראכט,
ליגט אונזער ישועה, גלאט מיט איין רגע בעפאר,
מיר וואלטען שוין אפשר געלעגען איצט
פארצעהרט אלע פון יענע פלאמען דארט.
לאז דאס אונז זיין פאר א מוסר השכל, רבותי!
פאר א גרעסערען בטחון. — נאר ס'איז א פליכט
ווען דאס לעבען אין אין געפאר, דאס לעבען צו ראטעווען.
דער וויל צום לעבען וועלכער איז מעכטיג אין אונז, רבותי,
איז אויך ניט ווינציגער ווי דער פינגער פון גאט.
נאר זעהט — פאראן מאמענטען אין א מענשליכען לעבען,
ווען ס'איז ממש א גליק זיין לעבען אוועקצוגעבען.
א זכיה איז דאס, א שכר מין השמים.
און אט די זכיה האט מיר היינט מיין גאט געגעבען.
און אט דעם שכר צאלט מיר היינט מיין אל בורא. —
גיט דא קיין ליידיגען פלאץ זאל טרעפען דער רוימער.
דא וועל איך שטיין און ווארטען פאר'ן רוימער און זאגען:
הער, רוימער! דא בין איך! איך בין ניט אנטלאפען.
מיין פנים בויגט זיך ניט מיט חרפה איבער מיין פאל,
איך האב ניט געקעמפט מיט דיר פאר קיין האב און גוטס,
ניט פאר קיין גאלד און זילבער בין איך זיך מסר נפש געווען.
כ'האב ניט געשטרעבט נאך פוסטען, נארישען שטאלץ
פונ'ם בלוטיגען לארבער וואס קרענצט אייך, איר מענשען־מערדער.
ניט פאר דער גיעריגער און פארפירענדער מאכט,
וואס קומט פון אויסגעשטרעקטע לענדער און ימים.
פאר פרייהייט האב איך געקעמפט;
פאר פרייהייט צו לעבען אויף מיין אייגען שטיקעל ערד,
פאר מיין הויז און הויף, פאר מיין ווייב און קינד,
פאר מיין גאט האב איך געקעמפט —
איר האט מיך אומגעווארפען;
איך, דער אומגעווארפענער שטיי העכער פון אייך שטעהענדע
איר האט מיך צו טויט געבלוטיגט;
איך האב געבלוטיגט אינ'ם נאמען פון רעכט.
איך טראג א לעבען אינ'ם טויט — איך קען ניט שטארבען.

פון אייך אבער לאך איך אין מיין געפאלענשאפט.
פון אייך און אייערע נידעריגע געצען, וואס טראגען
א טויט אינ'ם לעבען, לאך איך - אינ'ם טויט
וועל איך פאר מיין גאט איין הויז בויען.

פ א ל ק :

אה, מיר ווילען אלע, אלע מיט דיר אזוי שטארבען.

ר ב י ע ק י ב א :

(נאך א פויזע.)

ניין, אייער חוב איז לעבען איצט.
בעווערום איז צו קלוג אייך אלע אויסצוקוילען.
ער ווייסט, פערזיע שלאפט ניט ; מצרים איז וואך.
דער גורל אונזערער וועט זאלץ אויף זייערע וואונדען שיטען,
אפילו די פערעטערישע שמריה וועט ערבלייכען — ניין!
ער וועט אייך גלעטען, אין מילדקייט אייך איינוויגען.
איר אבער שלאפט און שלומערט ניט !
לעבט און מערט זיך אלע!
צינדט אן די ליכטער פון אייער גרויסען אמת,
וואו נאר דער רויהער ווינד פונ'ם לעבען וועט אייך פארוואגלען.
די גרעסטע מצוה איז פאר זיין גאט צו לעבען.

(צו די ענשי סנהדרין.)

איהר אבער, רבותי פונ'ם גרויסען סנהדרין,
אייער פליכט האט איר געטאן ווי איך האב מיינע,
און זיכער האסט אייך רוים ניט וויינינער ווי מיך ;
און זיכער האט איר ליב אייער פאלק ניט וויינינער ווי איך ;
און זיכער האט איר ניט קלענערעס צו פארענטפערען.
קומט צו מיר !
אין איינעם שטייען מיר אין טויט ווי מיר זיינען געשטאנען אינ'ם
לעבען
איך רוף אייך ביי די נעמען איינס ביי איינס :
צום ערשטען שמשון, דו קלוגער זון פון גמליאל,
די תר"יג מצוות האסטו פעסטגעשטעלט
קומט אט די מצוה אויף צווישען דיינע גרעסטע ?

(דריקט אים די האנט)

תיישר כחך !
און רבי ישמאל אונזער כהן גדול :



שיין איז דיין גוף, שענער נאך דיין נשמה.

(דריקט אים די האנט.)

תיישר כחך !
און רבי חנניה התרדין, דיך
פארברענען וועט מען געוויקעלט מיט א ספר תורה ;
ווייל אין איר ברענט דיין גאנצע לייב און לעבען.

(דריקט אים די האנט.)

תיישר כחך !
און רבי חצפית, דו וואס האסט געקאנט
באלייכטען אין גאטס לאבירינט א יעדען ווינקעל,
מיט פרייד זעהען היינט מיר נעבען אונז דיך לייכטען.

(דריקט אים די האנט.)

תיישר כחך !
און רבי אליעזר בן שמוה,
נאך האט דיין קאפ זיך פאר קיין מענשען ניט געבויגט,
און אין דיין עקשנות'דיגען רעכט האסטו געלאכט פון הימלען.
דער רוימער וועט זיך שעמען אין דיין אויג צו קוקען.

(דריקט אים די האנט.)

תיישר כחך !
און חנינא בן חכינאי,
זאנפט ווי א תפלה צו גאט,
זיס ווי די רויז פון טאל,
פארגיין וועט דער זינדיגער, וואס וועט דיך באריהרען מיט מארד.

(דריקט אים די האנט.)

תיישר כחך !
און רבי ישבב דער סופר,
קודם איז געווען משה,
נאך אים איז געקומען עזרה,
און נאך זיי קומט רבי ישבב דער סופר.

(דריקט אים די האנט.)

תיישר כחך !
און רבי יהודה בן בבה
און רבי יהודה בן דמה,
קען איך אייך שענער קרוינען,
קען איך וויינינער פון אייך זאגען,

עבדים יהוה,
טרייע דינער פון זייער גאט,
תיישר כחכים !

(דריקט זיי די הענט. די ענשי סנהדרין האלטען זיך ביי דער האנט און בילדען אן האלבקרייז אין דער מיט פון זיי רבי עקיבא. די אונטערגעהענדיגע זון באלייכט מיט איר רויט די גרופע. רבי מאיר קומט אן. ער איז צוריסען, צושויבערט, ער קוקט זיך ארום ווי אראפ פון זינען. אונבעוואוסט פון׳ם גרויסקייט פון דעם מאמענט, גייט ער גלייך צו צו ר׳ עקיבא, ניט בעאכטענדיג קיין אנדערען.)

ר ב י  מ א י ר :

א, רבי עקיבא — א גרויסען מאן בין איך איצט מקבר געווען. פארלאשען האט זיך א גרויס, אומגליקליך, שמעלצענדיגע ליכט. — אים, וועמען איר האט אנגערופען אחר, עלישא בן אבויה איז מער ניטא. א בעל תשובה איז ער אין גאט געשטארבען. ס׳האט דער רוימער זיין טויטוואונד אים געגעבען. איך האב אים גע־בראכט, וואו ס׳ברויזט דער ים. איך האב א פלאכען קבר אים געגראבען, און האב קיין ערד ניט איבער אים געווארפען. כ׳האב ניט געקאנט זיין גוף מיט ערד פארבלאטעווען. און ער איז געווען דאך אזוי שיין אפילו אינ׳ם טויט. בלויז צווייגלאך האב איך געבראכען און מיט זיי באדעקט אים : סאסנע צווייגלאך, וויי־נענדיגע צווייגלאך — און ווילדע פעלדרויזען האב איך איבער אים געשטרייט, און האב מיט זיי זיין גרוב צו דער העלפט דער־פילט. ער האט אויסגעקוקט אזוי שיין — איך האב ניט גע־קאנט די נאסע שווארצע ערד אויף אים ארויפווארפען — ער האט געליטען אינ׳ם שטורם פונ׳ם לעבען, נאר ס׳האט אים גע־פרייט דעם לעבענ׳ס ברויזען צו פילען. איצט איז ער טויט, רבי. גאט וועט אים זיין זינד פארגעבען, רבי. ער האט מזינדיגט דאך נאר, ווייל ער האט געזוכט — און, רבי, זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען : „יהוה לעבט און באכום איז א געץ“.

(רבי עקיבא איז צוגעקומען צום טיש, וואו דאס ספר תורה ליגט).

ר ב י  ע ק י ב א :

איר הערט די לעצטע ווערטער פון אלישע ?
„יהוה לעבט און באכום איז א געץ“.
יעקב פון דמשק, גיי צו דיין הויז און הויף צוריק,
און לאז די פערזער וויסען, וועלכע איילען אהער מיט הילף ;



פאר דעם מאל איז אונזער חלום א צושלאגענער ;
דאך אונזער שטרעבען איז איין אמת׳ע.
און פריהער אדער שפעטער מוזען מיר זיגען.
און רבי מאיר, דו גיי קיין מצרים :
די זעלבע ווערטער רוף אין זייערע אויערען,
דער אמת וועט זיגען פריהער אדער שפעטער.
בטחון האט אין גאט, דער גרויסער טאג וועט קומען.
קומסטו צוריק און טרעפסט נאך ניט קיין טראסט,
גיי צו ברריה און זאג : מיר ביידע האבען
א טייערע זעל פארלוירען. לאמיר זיך העלפען
דעם שמערץ צוזאמען דערטראגען — און דאן
העלפט ביידע אלישע׳ס גרויסע ווארט פארשפרייטען :
„יהוה לעבט און באכום איז א געץ.“
(צום פאלק)
און איר, איר אלע גייט צוזייט, צושפרייט זיך,
און לאזט דעם רוימער וויינינער צוזייען, צושפרייען.
און אויף אייער וועג גיב איך אייך מיינע לעצטע ווערטער : —
ענטווארצעלט א שטורמווינט א שטארקען צעדער,
ווערט די צעדער א שפיל פונ׳ם קלענסטען ווינטעל.
וואס ווארפט אים און דרייט אים ווי נאר ס׳בלאזט.
אים ברענט אוועק זיין זאפט די היץ פונ׳ם טאג.
דער רעגען וועלכער אלץ באפרוכפערט וואשט אים אוועק זיין כח,
ער ליגט אויף פרוכטבארער ערד און פוילט אוועק.
און ווי א בוים איז אויך א פאלק ענטווארצעלט.
אייך וועט א יעדער ווינד אין אלע עקען צובלאזען,
די זון פונ׳ם הימעל וועט אייך הייסער שטעכען,
דער רעגען פון די וואלקענס אוועקגעוואשען אייך אייער זאפט.
און פוילען וועט אייך אייער קראפט אויף פרוכטבארער ערד.
נאר הערט : —
וועט אייך דער ווינט צובלאזען אין לענדער וואו ס׳גרינען ניט
קיינע פאלמען,
וואו ס׳איז פוסט, און שטייניג, און ענג פאר אייך די ערד,
וואו ס׳רוישען ניט קיינע דערקוויקענדיגע קוואלען,
וואו ס׳ווארט אויף אייך ניט קיין ברודער׳ס שלום ווערטער,
נאר קנאה הערשט און שנאה פאר אייער טוען,

אוּן וואו אייער גאָט איז גלאַט צו זיי און אָפּשיי,
וועלען די ווינטען פוּן צפון, דרום, מזרח און פון מעריב
צערשטרייען אייך, צופּאַטשען ווי בּיליגע פליאַווע,
וואָס האָט קיין אָרט ניט,
פון וואַסערען פאַרשוועמט,
פון זונען פון היץ צושמאָלצען,
פון קעלטען צו אייז דערפרוירען,
מיט אָהן א שום אָנהאַלט אין וואָס זיך צו באַפעסטינגען,
מיט אָהן א שום שאָטען אַנטקעגען דער היץ פוּנ'ם טאָג,
אָהן א דאַך אַנטקעגען דער שטרענגקייט פוּנ'ם פראָסט,
פאַרצווייפעלט ניט .

(ער הויבּט אויף די ספר תורה.)

א גרעסערע לאַנד האָט אייך אין אייער תורה אייער גאָט גענעבען.
דאָ האַלט אייך ניט קיין גרענעץ אָפּ,
אין צפון ניט,
אין דרום ניט,
אין מזרח ניט,
אין מערב ניט.
דאָ בּליהען אייך פּאַלמען וואָס לאַכען זיך אוּיס פון צייטען ;
דאָ פליסען אייך קוואַלען וואָס ווערען ניט אויסגעטריקענט ;
דאָ ווערט דער שטורמווינט א גלעטענדיגער זעפיר ;
די ברענענדיגע היץ פון זון א לעבעדיגע, וואַרמענדיגע מוטערקראַפט
די קעלט פון ווינטער א דערפרישענדיגער שטראָם פון לעבען ;
וועלען אייערע ליפּען לעכצען אין דער וויסטעניש,
דאָ פליסט אייך האָניג,
און דאָ פליסט אייך מילך,
ווערט איר געטריבען פון יאוש און פון אומעט,
א רוהיגער לאַגער טרעפט איר פאַר אייער קאָפּ דאָ.
דאָ וועט איר קענען לעבען, זיך פאַרגרעסערען
און זיך פאַרמעהרען ווי די הימעלשטערען.
דאָ בּויט איר חלומות, צושטערט געצען,
אַנטקעגען פייער, וואַסער, שווערד און נויטען
טרעפט איר א שוץ אָ דאָ צו אַלע צייטען.

(חלום'דיג)

און וועט אייער גאָט אייך ווידער צו זיך זאַמלען פון מזרח,



און וועט ער זאָגען צום מערב גיב אַרויס,
און צו דעם דרום — האַלט זיי ניט צוריק,
און וועלען פון צפון זיך זאַמלען אייערע קינדער,
דאַן וועט עס שיין זיין צו זען אויף די בּערגער זייערע טריט ;
ווייל ס'וועלען זיין די טריט פון די, וואָס בּריינגען שלום ;
דאַן וועלען זיי שטיין א וואו מיר שטייען דאָ היינט,
און בּויען ווי מיר א הויז,
א זיכערערע,
שטאַלצערע,
און וועלען עס רופען אָן — די עיר השלום,
די פעסטונג פון פרידען,
און ס'וועט זיך פרייען די וועלט איבּער דער עיר השלום.
און אייער תורה,
אייער וואָף און סצעפּטער,
וועט ווערען דער פונדאַמענט פון אייער הויז,
דאַן וועלען די פעלקער זיך זאַמלען צום הר מוריה,
און גאָט וועט משפט האַלטען אויפ'ן הר ציון,
דאַן וועט גאָט זיין צו אַלע פעלקער איינער,
און איינער וועט זיין נאָמען צווישען זיי זיין.

(ער שטאַרק גערירט און קען ווייטער ניט ריידען. ער קושט די תורה און גיט זי איבער צו רבי מאיר. קיינער זאָגט קיין וואָרט ניט. לאַנגזאַם גייט רבי מאיר מיט דער תורה קודם, דאָס פאָלק פאָלגט אים נאָך אין א גרויסער פייערליכער שטיל. די ענשי סנהדרין, וועלכע זיינען צוריקגעבליבען, האָבּען זייערע טראָגשטענדליך גענומען און גייען צום הינטערגרונד ווייטער בּויען. ברריה, וועלכע האָט זיך די גאַנצע צייט ניט געקאָנט רירען פון באַוואונדערונג, איז צוגעלאָפען צו רבי עקיבא, אים אַרומגעכאַפּט הייס און געקושט אויף די ליפען.)

ב ר ר י ה :

מיר וועלען לעבען און מיר וועלען בּויען,
און לערנען שטיין אין גאָט שטאַרק גלייך ווי דו.

ר ב י ע ק י ב א :

פאָלג רבי מאיר, ער שטייט שטאַרק אין גאָט
און ער האָט דיך ליב, שיינע ברריה.

(ברירה אָפּ. רבי עקיבא נעמט זיין שטענדיל אויף די פּלייצעס, קוקט זיך אַרום, ייעט זיין ווייב שטייענדיג גלייך ווי פאַרשטאַרט.)

מיין ליבסטע, דעם וועג וועלכען דו האָסט מיך
געלערענט צו גיין, איז געווען אָנגעפילט מיט דערנער,
נאָר איצט, ווען איך האָב באַלד די ענד דערגרייכט,
דופטען זיי אַלע ליבליכער ווי רויזען.
א שטיין, אוי, נאָך אָ שטיין ס'איז ניט צו שווער,
דען דאָרט, וואו ליבע איז פליכט — און פליכט איז ליבע,
דאָרט איז די לאַסט אַ קרוין, די קרוין אַ לאַסט.

(ער גייט צום הינטערגרונד, וואו מען זעט אים שטיין ביי די אנשי סנהדרין אַלע פלייסיג בויענדיג די בויער פונ'ם טעמפעל. די אונטערגייענדיגע זון האָט זיי אַלע אַרומגעכאַפט מיט אירע לעצטע רויטע שטראַלען. רבי עקיבא'ס פרוי קוקט לאַנג, לאַנג נאָך איר מאַן, דאַן בויגט זי פאַוואָלע דעם קאָפּ.)

פאָרהאַנג פאַלט.

ענדע.